## עמך

1 ביים קראנקנבעט.

צוויי טעג, אז עס שטורעמט די שלאכט דא, נאענט ביי דער באן־סטאנציע, און סיי טאג און סיי נאכט, אז די לופט ציטערט אויף צעפלאקערט איבער אלע־מענס קעפ און הערצער, די שלאכט ביי דעם אייזנבאן־קנופ, ביי דעם טייך, ביי דעם אייזנבאן־טראנזיט. עשעלאנען בלייבן דא שטיין, וואגאנען ווארפן ארויס פון זיך טויזנטער פארכמארעטע סאלדאטן. די סאלדאטן צעשטעלן זיך רייענווייז, גלייכן אויס זייערע גלידער, באקומען דא זייערס און מארשירן אוועק צו דער שלאכט. קיין צייט צו באזינען זיך, צו באטראכטן זיך, צו כאפן א חבריש ווארט. ביי א שלאכט איז געזינטער ניט צו טראכטן, ניט צו ריידן. ביי א שלאכט מעג דאס הארץ רודערן און קלעמען און הערן דעם באפעל פון קאמאנדיר צום איילקן טראט, צום אן אויפהער פארויס, ווען מען פארגעסט אינגאנצן אויף זיך. און ווער ווייסט וואס עס גליט: די זון, דער שלאכט־שטורעם אדער דאס אייגענע הארץ.

דעם צווייטן מעסלעס, טאג ווי נאכט, יעדע ווײלע ווערן געבראכט פונעם פעלד־לאזארעט צו דעם באן־שפיטאל שווער־פארוואונדעטע, האלבטויטע, קוים זשי־פענדיקע, גוססדיקע, שרייענדיקע, רופנדיקע, בעטנדיקע, מענטשן מיט טונקל־בלאסע געזיכטער, מיט אויסגע־לאשענע אויגן, מיט פארשמאכטע צעטריקנטע ליפן, מיט בלוטיקע באנדאזשן, מיט בייגעקלעפטע רויטע קוויטעלעך: "עקסטרא".

דעם צווייטן מעסלעס, אז מענטשן אין ווייסן כאפן אויף די פארוואונדעטע און ברענגען זיי צו זיך אין די וואגאנען אריין. לייכטע הענט ציען אראפ פאמעלעך דאס צעבלוטיקטע סאלדאטישע אנטאן, צעבינדן די צעבלוטיקטע באנדאזשן, וואשן די וואונדן, אפערירן, היילן, באנדאזשירן, ווישן טרערן אראפ פון צעוויי־טיקטע סאלדאטישע געזיכטער און טרייסטן, טרייסטן און רופן צו האפן, צום לעבן. און דערביי, ווען צארטע הענט גלעטן סאלדאטישע קעפ, שוועבן אדורך אין זייערע אייגענע הערצער און קעפ געשטאלטן פון אייגענע זין, וואס ליגן איצט ערגעץ אין אזעלכע שפיטאלן, ווי די און בעטן שטילן זייער ווייטיק און רופן קוים די מאמען צו זיך.

*

האסטיק צעפראלט זיך די טיר פון וואגאן, אז עס פאלט אריין א צערודערט געדוף פון דער כירורגן־

שוועסטער איוואנאווא: — דאקטאר גארצמאן! גיך! גיכינקע! דער שעף רופט אייך. א שווערע א דרינגענ־דיקע אפעראציע, וואס פאדערט אייערע הענט און אייער הארץ.

און גלייך ווי א ביירוף פלאצט אויף איבער די קעפ א באמבע, דא ערגעץ נאענט געפאלן. בראזגען אויף צעשפליטערטע שויבן אין וואגאן.

— דער קראנקער פילט זיך שלעכט — גיט אן די שוועסטער.

שטרענגען זיך די שווארץ־געדיכטע ברעמען ביי דער דאקטערקע ציפע הארצמאן, שטרענגען זיך אירע לענגלעכע קוים טונקעלע באקן, געפרעסט ווערן און באהעפט גלייך ווי צוויי רויטע בענדעלעך אירע דינע ליפן, און ברייטער צענעמט זיך דער טרויערל אין אירע גרויסע שווארצע אויגן.

די דאקטערקע פארענדיקט באנדאזשירן אן אפערירטן און זאגט צו איר אסיסטענטין:

— טאניעטשקא, גיב אכטונג! — און אליין לאזט זי זיך גיין צום אפעריר־וואגאן. דער שעף נעמט זי אויף. ער ווייזט דער דאקטערקע די רענטגען־שטראלונג.

— שראפנעלן־שפליטערס טיף, אינערלעכער בלוט־אויסגוס, טעמפעראטור און פולס סובאפטימאל. סופער־עקסטרא!

די דאקטערקע ענטפערט אים גארנישט און פרעגט

גארנישט. זי קוקט אן דעם קראנקן. אירע שטרעגלעכע בליקן צעהעלן זיך קוים. פאר די אויגן האט איר א בליץ געטאן דאס געשטאַלט פון איר זון. א פלאם־געדאנק האט א שווינדל געטאן אין איר מוח:

— איר זון? — האט צעצניטערט איר לייב. — זיינע אויגן, זיינע באקן, אן ענלעכער זאל עס זיין? אבער יענער איז גאר אויף אן אנדער פראנט, זיין בריוו האט זי געקראגן לעצטנס.

מיט א פארקלעמט הארץ שטייט זי לעבן דעם קראנקן. איר צארטע דלאניע פאלט צו צו דעם פארשוויצטן פנים זיינעם. עס גלויבט זיך איר אלץ ניט. איר גלוסט זיך אנקושן אים, צופאלן צו זיין ברוסט, און לאזן פריי רינען די טרערן אירע פון טיפן הארצן אראפ צו אים. א הארץ גערוף, אן אויגנבליק האט זי א שוידער געטאן און אוועקגעקערט צוריק. און דערהערט האט זי דעם קראנקנס א שטיל פאר־צווייפלטע פרעגן:

— עמך?

— עמך, ליבינקער, עמך! דיין פאלק שער און אייזן! — ענטפערט זי צו אים, גערירט און געמונטערט און געגלעט אים די באקן און דעם קאפ.

צוויי גרויסע פערלדיקע טרערן גליטשן זיך אראפ איבער זיינע באקן. ער הייבט קוים זיינע אפגעשוואכטע הענט צו איר.

— וואס וויינסטו, הארציקער מיינער ? — רעדט זי צו אים — איך וועל דיך אפערירן און היילן. דו וועסט געזונט ווערן און זיך קערן אהיים צוריק צו דיין ווייב און קינערלעך. א יא, דו האסט צוויי קינדערלעך, א ייגעלע און א מיידעלע, יא ? און איצט, מיין ליבינקער, רואיק ! אלץ וועט זיין גוט. אט וועסטו זען.
און זיך גלייך א קער אויס געטאן, רופט זי :

— אנעסטאזיע : ביי דעם פולס ?

— דאקטאר פעטראוו ! — —ענטפערט מען איר.
כירורגן־שוועסטער ?

— כירורגן־שוועסטער איוואנאווא. אלץ איז גרייט.

— הענטשקעס, מאסקע, אינסטרומענטן !

— דאקטאר פעטראוו ! פולס ? אטעם ?

— אפטימום !

און ווען נאך דער שווערדויערנדיקער אפעראציע איז די דאקטערקע הארצמאן, אן אויסגעמאטערטע, קוים זיך צוגעשפארט צו א בענקל ביי א טישל און גענומען אין מויל א שלוק הייסן טיי, בלייבט זיצן לעבן איר דער דאקטאר פעטראוו.

— דאקטאר גארצמאן ! — רופט ער זיך אפ צו איר.
— וואס פאר א כישוף האט איר אריינגעטאן אין דעם קראנקן פאר דער אפעראציע, ווען איר האט גערעדט צו אים ? פונוואנען איז געקומען צו אים דער רואיקער פולס און דער אויסגעגלייכטער אטעם ?

צעלאכט זיך די דאקטערקע:

— איך האב צו אים יידיש גערעדט. פראסטע יידישע רייד. מיר זיינען דאך יידן!

— ווונדערבארע רייד, וואס לאזן הייבן דעם געמיט פון א געפערלעך־קראנקן און זיין גלויבן און זיין האפענונג און זיין ווילן! — באוווּנדערט דער דאקטאר פעטראוו. — א פאלק מיט ווונדערבארע רייד...

— און מיט ווונדערבארער הארץ, דאקטאָר פעטראוו!

— האט צוגעגעבן די דאקטערקע ציפע הארצמאן.

2. אויפן וואסער.

ראטע נאך ראטע, א פאלק שפאנט אין דער נאכטיקער צוגעטוליעטער לויערנדיקער שטילקייט. קיין איין צופ פון א ציגארל, קיין אייןווארט ניט, מערנישט א שטיל שארך פון סאלדאטישע שטיוול איבער דעם זאמדיקן בייוועג. עס קלאפן מערנישט האסטיק פאר־קלעמט־דערוואריטנדיקע סאלדאטישע הערצער און אויגן, וואס שטעכן אדורך די דראעענדיקע פינצטערניש.

אז אומבאהאלפנקייט באפאלט סאלדאטישע הערצער. מיט אן אפענעם שונא אויג צו אויג און ברוסט צו ברוסט איז ניט געעפרלעך צו שלאגן זיך, און מען ווייסט ווי אזוי זיך צו שלאגן מיט אים. אבער ווען

ער לויערט אין דער פינצטער פון ערגעץ פונווייטן ארויס און באפאלט מיטאמאל פון אהינטערן נאקן, בלייבט מען טויט, ניט געשלאגן זיך. אזוי שפאנט מען צום טויט אין די ארעמס אריין. ווייסן עס גוט די סאלדאטן, וואס שפאנען איצט אין דער פינצטער.

און אז עס האט גרויען גענומען אויף טאג, און סאלדאטישע אויגן האבן צוערשט אנגעכאפט מיט פרייד דעם חברס אויגן אין אלע אלצאיינע טונקעלע פנימער און דערטאפט דעם טוי, וואס האט זיך געפייכט איבער די באקן, האט די ערשטע ראטע דערהערט א שטיל-דייטלעכע קאמאנדע פון דעם ראטנעם:

— די רעכטע פלייצע פארויס! מארש!

פארקערוועט ראטע נאך ראטע, און ווידער דער געמאסטענער שארך פון די סאלדאטישע שטיוול. און באלד האט א פרישע פייכטקייט, א וואסער־נאענטקייט צוגעשוועבט פון אנטקעגן. א פרימארגן־קוויטש פון א וואסער־פויגל האט דער ווינטל צעטראגן איבער דעם וועלדל און צו סאלדאטישע הערצער געבראכט אן אנזאג פון א נעסט, פון א ווייטער היים, ווו אונטער דער סטרעכע פון דער אייגענער כאטע האבן פויגל נעסטן געבוט און געכאוועט דארט פויגעלעך.

זיפצן אפ סאלדאטישע הערצער, און קעפ פרעגן זיך באלד:

— וואס גייט מען אלץ נעענטער צום טייך? באדן

זיך אין דער הארבסטיקער קעלט, ווען עס גליווערט שוין דאס וואסער?

שטייען ראטעס ביים טייך. א שטיל־דייטלעכע קאמאנדע:

— שינעלן צונויפדרייען און צו די פלייצעס ארויף! ביקסן אריבערן קאפ צו די פלייצעס! פעסטיקן די רענצלעך! שנעל! סאלדאטיש!

און ווען סאלדאטן זיינען גרייט געווארן מיט זייער אמוניציע, האט א קרעפטיק באפעל דערלאנגט צו זייערע הערצער און קעפ:

— שווימען צום קעגנאיבערדיקן ברעג! מאריש פארויס!

סאלדאטן קענען דעם טייך. ברייט און טיף איז ער אפילו ביי די ברעגן זיינען אפגרונטן און קעסל־גרובן און וואסער־געדרייען. קיין זומער גייט ניט אוועק אן וואסער־קרבנות.

צעשפריצט און צעשוימט מיטאמאל איז געווארן די קילע רואיקע שטילקייט פונעם הארבסטיקן טייך. א טויזנט פאר סאלדאטישע פיס האבן צעברויזט דעם וואסער, ביז עס איז דערגאנגען צום האלדז. שוין צוגע־קלעפט און באנומען דאס לייב האט דאס סאלדאטישע אנטאן דאס דורכגעווייקטע אויף דורך און דורך. א גליווער צעשוידערט די גלידער. דער גרונט אונטער די פיס פארשווינדט מיטאמאל. דאס וואסער שטייגט

אריבערן האלדז. קומען צוניץ די סאלדאטן זייערע יינגלשע שטיפערייען ביי טייכן און אזערעס, ווען מען איז דעם זומער פון וואסער ניט ארויס, זיך געטונקט און געטויכט, איינער ווייטער און טיפער פון דעם צווייטן, ווען מען האט ארויסגעראטעוועט די, וואס האבן זיך געטרונקען, געמינטערט זיי און זיך ווידער געבאדן.

שווימט א פאלק סאלדאטן ווער ווי עס קען. ווי געוויינט פון אמאל: אויפן בויך, אויפן זייט, אויפן רוקן. ווער שטיל און גערודערט מערנישט מיט די פיס, און די הענט ליגן פריי, ווער מיט די הענט און שווער כאפנדיק אטעם, געקרעכצט און פארכליגעט, ווער עס לייגט זיך רואיק ברייטע קלאפטער אוועק, און ווען ער מאטערט זיך איין,, ליגט ער זיך אויפן רוקן אוועק און רוט זיך אויס א ווײַלע.

שוין אין מיטן סאפענדיקן, שווראטעמדיקן, כליגענ־דיקן, בלאזנדיקן, פייפנדיקן טייך פלאצט אויף מיטאמאל א הארצרייסנדיקע רופנדיקע שטים:

— בראטצי, ספאסיטיע!

סאלדאטן ארום קוים וואס זיי שווימען אליין. שווער איז געווארן אינצווייען דער צעווייקטער שינעל. די ביקס און די רענצלעך ציען אראפ צום גרונט צו. די כוחות גייען אויס, און קוים וואס מען כאפט אטעם, קוים זיך געהויבן אויף א ווײַלע ארויף. און ווייט איז

נאך דער קעגנאיבערדיקער ברעג, און ווער ווייס, צי וועלן קלעקן כוחות זיך אליין צודערדראפען זיך צו אים.

שווימען סאלדאטן פארביי. און ווידער רופט בעטנ־דיק־וויינענדיק די זעלביקע שטים. זי רופט מיט א צעהאקט איבעררייס און פארכלינעט:

— עמך! ראטעוועט! ראטעוועט!

ווייט פון אהינטער האט א צאפל געטאן איינע א סאלדאטיש הארץ, און א פאר קרעפטיקע ארעמס האבן זיך צעקלאפטערט אט ווי אמאל אין די יינגלשע יארן, און ביים קלאפטערן געציילט האסטיק־סאלדאטיש: איינס, צוויי! איינס צוויי! צוגעשוואומען הארט צו יענעם, וואס טרינקט זיך, א טויך ארונטער געטאן אונטער אים, אויפגעהויבן אים אויפן רוקן ארויף, צוגעהאלטן אים מיט דער לינקער האנט, און מיט דער רעכטער האנט אוועקגעקלאפטערט צום ברעג. און אויפן ברעג האט ער לאנג ניט געוואַרט. א שליידער פון זיך דעם סאלדאטסקן הארמידער דעם אייגענעם און אראפציען גענומען פונעם ארויסגעשלעפטן סאלדאט די אמונייציע און דאס אנטאן ביז צו נאקעט און געריבן די הענט אים און געצויגן זיי ארויף און אראפ, ביז דערפילט האט ער אן אויפציטער אין דעם דערטרונקענעמס הענט. און ווען יענער האט געעפנט די אויגן זיינע און זיך קוים ארומגעקוקט, האט ער

דערפילט אויף זיין פלייצע א ווארעמע האנט און דערהערט האט ער:

— ביסט געראטעוועט, בראטאק! איצטער ביסטו שוין א היגער! א היוועלטיקער!

און ווען געטריקנט אויף דער זון זיין אייגענעם אנטאן און יענעמס, דעם געראטעוועטן, און געהאלפן אים אנציען דאס אויף זיך, פאלט אים דער געראטע־וועטער אויפן האלדז און קושט אים. און כליפענדיק רעדט ער קוים ארויס:

— עמך!

— יא, אודאאי! מיר זיינען דאך יידן!

## 3. אונטערוועגנס.

די וואגאנעס האבן זיך מיטאמאל א צאפל געטאן, זיך צעשלאגן איינס אין דעם אנדערן מיט א בראזג פון אייזערנע קייטן און שטיין געבליבן.

דאס וויפלטע מאל עס בלייבט שטיין די באן האבן די ארעסטאנטן שוין אויפגעהערט צו ציילן. אפשר דרייצן, אפשר אכצן און מעגלעך, אז נאך מער. ווהין מען פירט זיי אזויפיל טעג, האבן זיי דערוווייל קיין באגריף ניט, ווייל שטיין בלייבט די באן ביינאכט, פארשלעפט צו א וואקזאל־העק, און דורך די צוויי־קליינע פארגראטעוועטע פענצטערלעך פונעם פראכט־

וואגאן איז ניט צו כאפן אין דער פינצטערניש קיין לעבעדיק פלעמעלע, קיין לעבעדיק פארבייגייער. נאך דער קעלט, וואס צענעמט די גלידער וואס א טאג אלץ מער, איז צו באנעמען, אז מען פירט די ארעסטאנטן צו צפון צו. בייטאג, ווען א גרויע העלקייט רוקט זיך אריין אין פענצטערל, זאגן די, פון דער אויבערשטער נארע, אז עס ליגט שוין א שניי אויף די פעלדער. און גראד גוט איז, וואס אין דעם פראכט-וואגאן, וואס איז גערעכנט אויף צו פירן אין אים צוואנציק פערד אדער קי, ליגן איצט אכציק ארעסטאנטן, געפרעסט איינע צו די אנדערע אויף די צווייגארנדיקע נארעס און אויפן דיל, ניט א קער צו טאן זיך דעם גאנצן מעסלעס. איז טאקע ווארעם, ווייל יעטווידער ווארעמט מיט זיין ברוסט דעם צווייטנס רוקן, און מיט זיין מויל הויכט ער אים אין נאקן אריין. סיידן, ווען דער קאנוואי צעשארט צו א שמאלער שפארע די טיר, רוקט זיין פרצוף אין דער שפארע אריין און ציילט די פיס פון די ליגן געבליבענע ארעסטאנטן און רוקט אריין יעדן איינעם די פאיקע שווארץ ברויט פארפרוירן און די ברוינע געטריקנטע וואבלע און גיט טרינקען פון איין בלעכערנעם קענדל א ביסל וואסער קאלטס איין מאל א טאג, סיידן אין דעם פאל כאפט מען עטלעכע שלוק פרישע לופט, און מען ווייס, אז אוועק איז נאך איין טאג. און געלייגט דעם ברויט

צוקאפנס, ער זאל אפגיין א ביסעלע, און דערווייל זיך באטראכטן, ווי אזוי צו באגיין זיך מיט אים: אויפעסן גלייך ביז א ברעקל און זאט זיין כאטש איין מאל אין טאג אדער אים טיילן אויפדרייען און דריי מאל צו שטיקעלעך עסן. און ווידער: ווען מען עסט אויף די פאיקע פאראמאל, איז מען שוין זיכער מיט איר,

אז עס וועט זי קיינער ניט ארויסגאנווענען.

איצט, ווען די באן איז שטיין געבליבן, געשעט עפעס אנדערש. א געטומל, א בייז באפוילן, א טאפען פון שטיוול, א געביל פון הינט, א געבראזג פון צעעפנטע שלעסער און אייזערנע שטאבעס, וואס פאלן פון די טירן אראפ, א צעפראל פון טירן, צערוקט ביז צולעצט.

רודערן אויף ארעסטאנטישע הערצער. צווערשט הייבן ארעסטאנטן די קעפ אויף פון די געלעגערס, הערן זיך איין צום דרויסן, צעכמורען זיך און ווארטן פארגלייווערט, אנגעשפארט די גופים אן די עלנבויגנס.

— הייסט עס, געקומען צו פינקטל? — פרעגט א שטים אומזיכער.

— אויס עטאפ זאל דאס זיין? — פרעגט א צווייטע שטים פארצווייפלט.

— מען טרייבערט אויס די וואגאנעס און מען כראיעט אוועק אין ערגעץ! — ראפארטירט א דריטע

שטים פון דער אויבערשטער נארע פון ביי דעם פענצטערל ארויס.

— די סידארס דארף מען גרייטן! רופט א הייזעריקע שטים.

דרייט זיך אויס און קערט זיך א וואגאן ארעסטאנטן, ציען פון אונטער זיך און פון צוקאפנס זייערע זעקלעך, שטופן אריין אין זיי די רעשטלעך ברויט און וואבלע, ציען ארויס פון דארט די צעשאסענע שמאטעס, ציען זיי אויף די גופים, וויקלען מיט זיי די פיס.

אין דער טונקלעניש איז ניט צו זעען קיין פנימער. א שמאטעס-געשארך, א געריר, א געדריי, א באוועג און אומרו, א געשפיי און אן אפכארקעניש ארויס פון זיך, אזש פון די טיפע געדערים דורכן האלדז די לייכע, וואס איז אנגעזאפט געווארן אזוי לאנג פונעם פערדישן מיסט, פון שטיינקוילן און פון אייגענעם מענטשלעכן מיסט. גופים בלייבן זיצן אין א צעשווידערטער דער־ווארטונג, ווידער געפרעסט איינער צום צווייטן. א פרעגנדיקע שטים רייסט זיך ארויס טרויעריק־פאר־צווייפלט:

וווהין וועט מען טרייבן?

מיט א געוווינטן טורמע־קנאק צעשליסלט זיך די וואגאן־טיר און צערוקט זיך ברייטלעך, אויף צו דער־לאנגען פאיקעס ברויט מיט וואבלע פאר די ארעסטאנטן. קלאר ווערט:

— געקומען איז מען!

און גלייך צערעוועט זיך א קאמאנדע־באפעל פונעם ווערטוכאי:

— פון וואגאן ארויס! געגוג צו קוראַרטעווען דא! אויפן שניי זיך צעזעצן און זיך ניט רירן פון ארט! א שפאן רעכטס אדער לינקס — ווערט איר דערשאסן ניט געווארנט!

און גוט איז, וואס מען דארף זיך זעצן, מעג זיין אפילו אין שניי ארייין. די פארגאנגענע פיס האלטן ניט, און דער קאפ נעמט שווינדלען פון פרישע לופט און נאכן שפרינגען פון וואגאן. און אויפן שניי זיצנדיק נעמען באלד ציטערן אלע גלידער פאר קעלט. דאס צעטראגענע אנטאן איז דאס היימישע, דאס זומער־דיקע, וואס אין אים איז מען געזעסן א האלב יאר צייט אין טורמע. עס פארגייען פון פראסט די שפיצן פינגער פון די הענט און פיס. די האר אויפן קאפ נעמען גליווערן.

א טרויער־טאג קריכט צו ארעסטאנטישע הערצער און קעפ אין דער ווינטערדיקער פרימארגן־טונקלעניש זיינען אלצאיינע גרויע אלעמענס ארעסטאנטישע אויגן, און אלעמענס בליקן זיינען אומבאהאלפן — טרויעריקע, פארכמארעטע.

—ווי ווייט נאך וועט מען טרייבן? — עקבערט דער

געדאנק. — ווי אזוי וועט מען טרייבן: מיט דער פור אדער צופוסנס?

נאך אלץ שפרינגען ארעסטאנטן פון וואגאן ארויס. און די זיצערס קוקן זיך אום אין דעם פראסטיקן נעפל, טוען זיך ארײַן אין דערבייאיקע פנימער, וואס מען האט זיי ניט געזעען די גאנצע צייט אין וואגאן פארנדיק. און אנקוקנדיק איינער דעם אנדערן, ווילן ארעסטאנטן אויסהייבן, צי וועט איינער אזא קאנען ווערן א חבר ביים ווייטערדיקן גיין, וואס זאל דערלאנגען א האנט, ווען מען פאלט. א וועג איז דאך א וועג, און ער זאגט זיך ניט פארויס.

בלאנדזשענדיקע בליקן פאלן צו צו א פאר טרויעריק־פארבענקטע אויגן, גרויסע, שווארצע, טיפע, אויגן אנדערע ווי אלע אנדערע, אויגן פארבענקטערע פון אלע אנדערע און טרויעריקערע איבער אלע אנדערע.ריידן די אויגן צום הארצן און צעגליען אין הארצן א ווארעם שייטערל, וואס פינקלט קוים־קוים. קוקן די בליקן, און עס גלויבט זיי זיך ניט. און באלד קומט אויף אין דעם פראסטיקן נעפל א ווארט, א פאר־צווייפלט־פרעגנדיק, א לעכצנדיק־דערוווארטנדיק:

— עמך?

צעהעלן זיך, צעלויטערן זיך מיטאמאל יענע פאר־בענקט־פארטרויערטע אויגן און צעשטראלטע בליקן שלאגן זיך אפ צוריק.

— עמך! — ענטפערן ליפן פון א צאפלדיקן הארץ ארויס, און א פאר דלאניעס האבן זיך גלייך צונויפ־געקלעמט אימפעטדיק, און גופים האבן פארגעסן אויפן פראסט און שניי.

— יעקב בין איך! — רופט זיך אפ דער צווייטער.

ביי דער קאמאנדע: איופשטיין! צעשטעלן זיך! בלייבן זייביידע שטיין אדעם צו ארעם.

— גיין פארויס! א שפאן רעכטס, א שפאן לינקס — ווערט איר דערשאסן ניט געווארנט!

איבער די קעפ נידעריק הענגט א טונקעלע שמאטע א הימל. צו די פיס פעלד און פעלד, מיט אן אויג ניט צו כאפן, אזש ביז דעם עק הימל. שניי אריבער די קני. אין פנים אריין פייפט א בייז־שניידנדיקער ווינט און גליווערט דאס לייב ביז עס דוכט זיך, אז נאקעט איז מען. קיין געטראטענער וועג. מען גייט בייזייטנס פון די טעלעגראפן־סלופעס. א קאלאנע פון עטלעכע הונדערט מאן, געצאמט מיט קאנוואי און מיט שפיר־הינט. פאסט זיך צונויף דער ווינט מיטן שווערן שארך פון ארעסטאנטישע פיס און שטעכט מיט זאמדיקע נאדלען אין די אויגן אריין.

מען גייט דעם טאג דעם גאנצן. ווער ווייס, ווי ווייט דארף מען נאך גיין. פאר די אויגן איז גארנישט צו זען, אויסער פעלד און שניי. ציט א טונקלעניש פון הימל אראפ. און צווישן שווער־אויסגעמאטערטן גאנג

קריכט די נאכט צו ארעסטאנטישע קעפ און באפאלט זיי מיט א גראבער פינצטערניש. דעם טאג ניט געגעסן, ניט געטרונקען, ניט גערוט האט מען. אוןביים נאכאנאנדיקן גיין קלעמען זיך וויעס צונויף, געדאנקען צעפלאנטערט, און זעאונגען לייכטע שוועבן פאר די אויגן, און אייגענע מענטשן לייבלעכע גייען מיט, און די היים גייט מיט, די היים די אייגענע... מערנישט די פיס שארן נאך אלץ אין דעם טיפן שניי.

— שלאף ניט, ליבינקער! וועסט פאלן אזוי! — רופט א ווארעמער ארעם און טרייסלט קוים. ציטערט אויף דער שלאפנדיקער, כאפט אן מיט זיין ארעם יענעמס ארעם און פרעגט שטיל, דער קאנוואי זאל ניט הערן:

— חברל! איך בין דען איינגעשלאפן?

שארן און שארן ארעסטאנטישע פיס. נעמט שוין גרויען די נאכט. שטילט דאס פייפן פון ווינט. א העלער אנזאג אויף טאג. קוקן אויס ארעסטאנטישע אויגן די ווייסקייט ארום אינדערווייטנס. אפשר רויכערט א ווארעמער קוימען? אפשר טונקלען זיך ווארעמע הייזער? און באענט פאר זיך דערזעט מען: הוידען זיך אין דער קאלאנע די פארנטיקע רייען. אויף און אראפ, גלייך זיי שפרינגען אויף און אראפ. קומט אלץ נעענטער דאס הוידען זיך צו די הינטערשטע רייען און אט טרעטן שוין פיס ארוף צו עפעס א ווייכס, וואס

קערט זיך פון יעדן אנגעטראטענעם פוס און בלייבט ליגן פלאציק. און לענגאויס דער ריי. האט א שטאך געטאן אין ארעסטאנטישע הערצער, און אויפגעפלאמט האבן מוחות: געפאלן איז איינער, און מיר, ארעס־טאנטן, צעטרעטן אים מיט די פיס!

א געביל און א געוואי פון די קאנוואי־הינט האט באלד צערודערט די שנייאיקע שטילקייט ארום. אפ־געשטעלט איז די קאלאנע. א ביקסן־קנאל, איינער און א צווייטער האט צעהילכט די שטומע שנייאיקע וויסטעניש און זיך אפגעשלאגן אין ארעסטאנטישע קעפ און צעשוידערט ארעסטאנטישע הערצער.

אוועקגעטריבן איז ווידער די קאלאנע פארויס.

און באלד אן אפגעהאקטע שטים, א שטיל — רופנדיקע, א הארציק־בעטנדיקע:

— עמך ברודערל! עס שווינדלט מיר דער קאפ עפעס. טונקעלע קרייזן רעדלען זיך מיר פאר די אויגן. דאס הארץ קלעמט מיר. ווען איך פאל, בלייב איך אויך אזוי צעטראטן און דערשאסן!...

— ווערסט ניט פאלן, בראטאק! — ענטפערט אים א זיכערע, א מונטערע שטים. — איך האלט דיך!

א ווארעמער שטראם האט אדורכגעשפארט פון ארעם צו ארעם און געקרעפטיקט און גערופן צום לעבן.

א שטראם פון יידיש הארץ און צו יידיש הארץ.

## 4. אוועקגענומען די שטריק.

עס האט אים ניט געארט דער פערד־וואגאן און ניט דאס שטיקל שווארץ קארענע טייג מיט דעם געטריקנטן פישל מיט די עטלעכע שלוק וואסער א טאג. עס זיינען אים אלצאיינס געווען די מענטשן, וואס ליגן לעבן אים געפרעסט אויף די נארעס. איבער זיין הארץ און מוח איז שווער אנגעוואלגערט געלעגן פון די ניט־געטאגטע טעג און פון די ניט געגעכטיקטע נעכט די מערדערישע אקציע איבער אים. זיין גלענצנדיקע מאדעל פון א נייעם אוויא־מאטאר, זיין רעאל־געקומענער שעפערישער טרוים איז בארויבט געווארן דורך זיין געהילף קוזמא, דעם שלימזלדיקן אינזשענער, דעם געשטעלטן פון ק.ג.ב. און צוליב צורעכטמאכן זיין מערדעריי האט דער קוזמא ארויס־געהויבן א פאסקוויל, אז עס גרייט זיך אויסגעפירט צו ווערן א נאציאנאליסטישער פארראט אויף אריבער־צושמוגלען די גאנצע דאקומענטאציע פונעם נייעם מאדעל צו אן אגרעסיווער נאציאנאליסטישער מלוכה.

פיר חדשים־לאנג פייניקונג אין טורמע ביים אויס־פרעג און אויספארש. צו פיר־פינף מעסלעס ניט געלאזן שלאפן, געטוישט האבן זיך די אויספארשער, און ווען ער איז געפאלן פון שטול מיטן קאפ צום דיל, האבן אים זיי מיט די שפיץ שטיוול געשטויסן אין גוף,

געוועקט אים, געזעצט אים צוריק, געשלאגן אין הארצן און געפאדערט זיך מודה זיין אין באגאנגענעם פארראט.

און ווען דאס האט ניט געהאלפן, האט מען אים אריינגעשליידערט אין קארצער — א גרוב מיט אייז־קאלטן וואסער ביז צום האלדז. און ווען ער איז דארטן געפאלן פון די פיס מיטן קאפ צום גרונט, האט מען אים פונעם וואסער געשלעפט און גלייך געבראכט צום פארשער.

— נו, ווי שמעקט דיר די באד? — האט ער בעסטיאל־שמייכלענדיק געפרעגט. — האסט זיך שוין אינעם וואסער באטראכט און ועסט זיך מודה זיין און צעשרייבן אין דיין פארראט?

און ווען דאס האט ניט געהאלפן, און ניט צעשריבן זיך האט ער און ניט געענטפערט אפילו דעם אויס־פארשער קייןווארט, האט מען אים אראפגעפירט אין א קעלער. געהערט האט ער אויף דער פריי נאך, אז צום קעלער אראפ פירט מען די פאראורטיילטע צום טויט אויף צו דערשיסן זיי דארט. דא האט ער אויך דערוואַרט דאס אייגענע. איבער זיך. אין קעלער האט א הענקער אנגעכאפט די פינגער זיינע, אריינגעשטעקט זיי אין א שפארונע צווישן טיר און ביישטידל און לאנגזאם און דויערלעך געשלאסן די טיר. אויפגע־כאפט האט ער זיך אין קעלער, א דאקטאר איז

געשטאנען לעבן אים. קראנק געלעגן עטלעכע טעג, נאר צעשריבן האט ער זיך ניט.

נאציאנאליזם איז געשטעלט געווען צום הינטערגרונט אלס סימבאלישער שלייער פון דער באשולדיקונג. אויסער דעם אויסגעטראכטן פארראט, האט מען אים באשולדיקט אין דעם, וואס ער האט קיינמאל ניט געטראגן אין זיך. ער האט אין זיך קיינמאל דעם יידן ניט געפילט, ווייט און פרעמד געווען פון יידן און פון יידישע אינטערעסן, גלייך אזוי ווי פון רוסישע אינטערעסן. ער האט געוווסט און געפילט זיין טעכניק און דערמיט זיך געקוויקט. טאטע און מאמע, דער אינזשענער און די דאקטארין, די תכלית — לייט, האבן אים בכיוון דערווייטערט פון אלץ, וואס יידיש איז, געכאפט ווען א יידיש ווארט, זיך אויספארבארגן פון דעם זון. און איצט, ביי דעם גרויסן חשבון הנפש אין טורמע האט ער דערפילט מיט זיינע ביינער די לערע פון דעם ק.ג.ב., אז קיין מענטש איז ער ניט, און די צווייטע לערע פונעם ק.ג.ב. איז, אז א ייד איז ער.

ווען דער פראקוראר האט אים געפרעגט אויפן געריכט וואס איז זיין נאציע, האט ער אים געענטפערט, אז ער איז אן אינטערנאציאנאליסט. צעלאכט האט זיך דער פראקוראר ווילד־בייז און גלייך דערנאך צערעוועט:
— א זשיד ביסטו! א זשידעלע, וואס שעמט זיך פאר

זיין זשידישן פאלק! א זשידישער פאררעטער ביסטו!
דעם טויט ביסטו ווערט!

אויפגעטרייסלט האט אים אן ארעסטאנטיש געררוף:
— זעט! זעט! קברים!

לענגאויסביידע זייטן וועג צום לאגער האט זיך די ערד צעהארבעט מיט לענגלעכע פירקאנטיקע בערגלעך. ביי יעדן בערגל שטעקט א ברעטל מיט א ציפער געשריבן אויף אים.

— ביינדעלעך פון אונדזערע ברידער רוען דא! — רופט אויס א טרויער־שטים.

— אונדזערע ביינדעלעך וועלן אויך דא בלייבן רוען! — זיפצט אפ שווער נאך א שטים.

דורך דעם טויער אין זאנע אריין איז ער מיט פאמעלעכע טריט, קוים געהויבן דעם געבויגענעם קאפ, שטיין געבליבן א ווײַלע און זיך אומגעקוקט. די מיטגעקומענע ארעסטאנטן איילן זיך גיין צו די באראקן כאפן א פרייע נארע, באזעצן זי, אוועקלייגן דעם סידאר, דעם זעקל צוקאפנס און נעמען זיך אייב־לעבן און זיך צופאסן און באקענען זיך און דערקענען אפשר אלטע חברים.

א האנט רירט אים אן קוים ביים ארבל. א מענטש בלייבט שטיין לעבן אים און פרעגט שטיל און פאר־צווייפלט:

— עמך?

און פרעגנדיק באטראכט ער דעם נייגעקומענעם מיטן עטאפּ. א העל-ווייל געזיכט און אויגן העל-גרויע און בלאנדע האר פארמאגט ער, דער נייגעקומענער, און דאך: א גוי צי א ייד? ווען ניט דאס טיף-געזונקענע טרויערל אין די גרויסע ליכטיקע אויגן... א פארבאר-געגנער יידישער טרויערל, — ביי קריסטן איז ניטא אזא, — און ניט קיין פארכמארעטקייט איז דאס ביי אים, ווייל פארכמארעטקייט ליגט זיך אויבן אויף אונטער די ברעמען. פרעגן אלנפאלס מעג מען. פאר פעגן קומט גארנישט. און געפרעגט, בלייבטווארטן דער ייד אויף אן ענטפער.

הייבט דעם קאפּ דער נייגעקומענער און רופט זיך אפּ:

— ניע פאנימאיו!

— יהודי אתה? — פרעגט ווידער דער ייד. און ווידעראמאל קומט צו אים דער זעלביקער ענטפער.

— טי יעווריי? — פרעגט צום דריטן מאל דער ייד.

כאפּט זיך דער נייגעקומענער צו דעם יידנס פראגע, הייבט דעם קאפּ אויף, בייגט אים באלד צוריק און ענטפערט אנטשלאסן:

— יעווריי! יעווריי!

און גלייך ווי פון עפּעס דערהויבן און דערמוטיקט, גיט ער אן:

— מען רופט מיך יאקאוו אבראמאוויטש. און דיך ?

— מיך רופט מען משה. אמאל האט מען מיך גערופן : משה דער מכניס אורח. איז קום צו מיר אין באראק, א פריי פלאץ איז פאראן אויף דער נארע קעגנאיבער מיר. וועט אונדז זייןביידן פריילעכער. צוויי יידן אינאיינעם.

עפעס מאדנע ווארעמט דאס הארץ פון דעם יידנס ברייטער דלאניע, וואס איז ליגן געבליבן אויף זיין פלייצע. — טראכט יאקאוו שפאנענדיק מיטן יידן צום באראק צו — א ווארעמקייט, וואס ער געדענקט ניט, צי האט ער זי ווען געהאט. און עפעס א שיצנדיקע רואיקייט, א באשיצערישע, א באַרואיקנדיקע.

— אט איז דיין געלעגער. — זאגט משה. — לייג דיין סידאר צוקאפנס, און איך קום באלד צוריק.

כאפט משה א בלעכענעם קענדל אין האנט און פארשווינדט אין ערגעץ. דויערט ניט קיין פינף מינוט, קומט משה מיט א פולן קענדל הייסן וואסער, שטעלט אים לעבן יאקאוון, ציט ארויס פון זיין זעקל צוקאפנס א שטיקל שווארץ ברויט און זאגט שעמעוו־דיק :

— וואס אין הויז, געשטעלט ארויס ! טשים באהאט, טים אי ראד ! עס און טרינק, בראטאק ! פון וועג ביסטו דאך.

נאך דעם טיי און צובייסן פרעגט משה :

— יאקאוו! מיר זיינען דאך דא אלע ארעס־טאנטן. זאג מיר, וואס איז דיין שולד, און וויפל האט מען דיר ניט געזשאלעוועט ?

— פארראט. פופצן יאר.

— און ביי מיר האט מען געפונען פראקלאמאציעס און ביכלעך פון דער פאלקס־פארטיי. צען יאר האט מען מיר געשאנקען. און אליין א שוסטער בין איך.

די נאכט האט אנגעשפארט צום באראק, דעם געפאקטן מיט מענטשן. א נאפט־לעמפעלע ביי דער טיר. געשטילט האט דער טאגיקער געטומל. אין דער טונקלעניש א שטיל גערייד, א שעפטשען. אין א ווינקל ערגעץ א שטיל־בעטנדיקע, א רופנדיקע מאליטווע. א שטילער נאכזאג פון עטלעכע מענטשן. אין א זייט ערגעץ א שטיל כליפעניש, צוגעשטימט מיט א צעבראכענעם קרעכצן פון דער זייט. א כראפען און פייפן פון איינגעשלאפענע. א שווער אטעמען. א וויי־געשריי פון חלום. א רופן עמעצן. א הארצרייסנדיק, ראטעווען זאל מען.

משה שלאפט ניט. היינט האבן אים ניט פארלאזן די נאכטיקע שווערע זעאונגען זיינע, וואס קומען צו אים פון זיין שטעטל ארויס מיט טרויער און ווייטיק. זיין ארעמע כאטקע מיט זיין אלטער קומט צו אים. אויס־געגאנגען און אויסגעדארט פון נויט און הונגער שטייט זי פאר אים ווי א לעבעדיקע. אמאל האט זייביידן זיין

העמערל געשפּייזט ווי ניט איז. ווער שפּייזט זי היינט צו טאג? דאס הארץ גייט אים אויס, משהן, נאכן שטעטל, נאך יידן. צי איז מען נאך טעטיק מיט שמועסן אין די קרייזלעך?

זיינע בליקן פאלן צו יאקאווס נארע. עס איז ניט צו באנעמען, פון חלום צי פון וואר רעדט עס יאקאוו נאכאנאנד רק ער טענהט:

— פארפאלן! אלץ איז פארפאלן! א קרעכץ פון טיפן הארצן ארויס באגלייט זיינע רייד. און ווידער־אמאל:

— אלץ איז צום ענד געקומען! און דאס לעבן אויך! קיין זין ניט צו לעבן מער! פּוּפּצן יאר אומקומען נאכאנאנד!...

ביי אים, ביי משהען, לייגט זיך דאס ניט אויפן שכל הישר: ווי אזוי קאן עס געמאלט זיין, אז דאס לעבן האט קיין זין ניט? ווו איז דאס געהערט געווארן, אז דאס לעבן האט קיין זין ניט? דערפרעגן זיך דארף מען ביי אים. אבער ווי אזוי קומט מען צו דעם, אז א מענטשנס נשמה איז א הייליקער אפּגרונט? אבער דאס הארץ זאגט אים דאך, אז עפּעס איז ביי דעם יונגערמאן ניט מיט אלעמען.

צו דער ארבעט גייען זיי ביידע אינאיינעם מיט דער בוי־בריגאדע צום אביעקט. ארעסטאנטן בויען דארטן א נייע געביידע פון שטיינער, א פּילשטאקיקע, מיט

שמאלע פענצטערלעך, און ארום דער געביידע א געמויערטע וואנט, דריי מאן די הויך, מיט אן אייזער־נעם טויער אינמיטן. ארעסטאנטן בויען א טורמע פאר זיך אליין, א פעסטע, א זיכערע, אויף ניט צו אנטלויפן פון איר. שלעפן ארעסטאנטן אויף זייערע רוקנס שטיינער צום בויען איבער די טרעפלעך צו די הויכע גארנס ארויף. א בייטש איז די פאיקע ברויט. האסטו געמאכט די הויכע נארמע, האסטו די גאנצע פאיקע — זעקס הונדערט גראם. און ווען ניט, האב קיין פאראיבל ניט. פאלן ארעסטאנטן אויף די הויכע גארנס מיט די שטיינער אינאיינעם, פאלן און שטייען ניט אויף. שלעפט מען זיי אוועק צום ארעסטאנטישן אויסוועג, אויף דער פריי, אויפן ברייטן פעלד ביי די טויערן פון לאגער, נאכן טויט זיך ניט שיידן מיט אים אינגאנצן. און צוקאפנס א ברעטל מיט ציפער: דא איז באגראבן א נומער.

שלעפן ארעסטאנטן, בויען ארעסטאנטן, פאלן ארעס־טאנטן יעדן טאג פון פרימארגן ביז אוונט, פון טונקל ביז טונקל. און נאך דער ארבעט גייען צוריק ארעסטאנטן צום לאגער, געהיט מיט קאנוואי, קוים די טרייסלדיקע פיס שלעפן אויף זיך די צעמאטערטע גופים. שלעפן זיך קוים ארעסטאנטן און שווייגן, געבויגן די קעפ, און הענגען געבליבן די צעחלושטע הענט.

נאך דער באלאנדע מיטן קענדל הייסן וואסער בלייבן זיצן משה מיט יאקאוון אינדרויסן אויף דער זוואלינקע פון באראק. ביז צום שלאף איז נאך עטלעכע שעה. רוען ארעסטאנטן, קומען זיך צונויף ביינאנד, נעמען זיך צונויף מיט שווערע געדאנקען, ריידן אראפ פון אנגעווייטיקטן הארץ וואס עס גייט זיי אן פון א טאג מאטערניש, פון אן סוף און אן עק מאטערניש און פיין.

— בראטאק! — זאגט משה נאך אווײלע שווייגן.

— איך פיל, דיר איז שווער אויפן הארצן. איך זע דאס און הער פון דיר. וועמען איז דא גרינג אויפן הארצן? עס איז מיר אבער ניט צו באנעמען מיט מיין פראסטן שכל, ווי אזוי ווערט מען עס אן דעם זין פון לעבן? און ווי אזוי קומט מען עס צו דער מדרגה, אז עס לוינט זיך ניט צו לעבן? און וויאזוי און פארוואס איז פארפאלן אלץ?

בייגט דעם קאפ יאקאוו.

— מיר, די פראסטע יידן, האבן קיינמאל פון אזעלכע געדאנקען ניט געוווסט און אויף דער צונג ניט ארויפ־געבראכט. ביי אונדזער שווערן לעבן קומען מיר צו דעם, אז דער זין פון לעבן איז דאס לעבן אליין און דאס שטרעבן צו א בעסערן לעבן, צו ארבעט, צו ברויט צוזאט, צו פרייהייט, צו מענטשלעכע רעכט, צום לעבן מיטן יידישן פאלק אינאיינעם, ליידן מיט

אים און פרייען זיך מיט אים. אזא זין איז דאך אן אייביקער זין. איז וויאזוי ווערט מען אים אן ?

— מיין לעבנסזין איז באשטאנען פון בויען אוויא־מאטארן. האט מען אים אפגענומען פון מיר, מערדעריש, און מיך אליין פארטריבן, איך זאל דא אויסגיין מיט די יארן. איז וואס פאר א זין האט דאס מאטערן זיך ? — רופט זיך אפ יאקאוו.

— דו, יאקאוו, ווילסט אויסלעבן זיך מיט דיין אייגענעם זין, אמת טאקע א וויכטיקן זין. — ענטפערט אים משה אנגעשפארט. — און מיר ווילן לעבן מיט אונדזער אלגעמיינעם פאלקישן זין. ווען דו גייסט מיטן פאלק, וואלסטו ניט אנגעווארן דעם לעבנס־זין. א מאטאר אויף צו פליען איז טאקע א וואזשנע זאך, אבער צוערשט דארף א פאלק האבן ברויט און מענטש־לעכקייט, און יידן דארפן זיך אויסלעבן מיט א יידיש פאלק.

— ביסט אפשר גערעכט, משה, אבער מיין שוין געשאפענעם זין האט מען בארויבט פון מיר, און מיך אליין האט מען פאראורטיילט צו שטארבן יעדן טאג פופצן יאר נאכאנאנד.

— יאקאוו ! איז הייל דיין מפלה. טו זיך אריין א יידישע נשמה. נעם טראכטן וועגן דעם יידישן פראסטן מענטשן, וועגן דעם יידישן פאלק, קומט צו דיר דעמאלט א נייער לעבנס־זין, אן אייביק

לעבעדיקער, א שטענדיק־שעפערישער. קום צום יידישן פאלק! טו זיך אריין אין זיינע ליידן און פיין און טראכט, וויאזוי צו העלפן אים. קום צו יידן! דו ביסט דאך א ייד, מערנישט אפגעפרעמדט ביסטו געווארן פון יידן. און קיין פופצן יאר וועלן מיר ניט זיצן אין לאגער. דא וועלן מיר לייטערן א ביסל די נשמות אונדזערע און זיך קערן צוריק.

משהעס רעכטער ארעם פאלט אריבער די פלייצעס צו יאקאוון. — קום, בראטאק, אין באראק אריין. באלד וועט מען רופן נעכטיקן.

*

אויפמארגן, ווען נאך א גאנצן טאג ווארעמען האט די פארמאטערטע זון זיך אראפגעלאזט צו דער ערד, איר געלעגער, און געזעגנט זיך מיט אירע לעצטע ווארעמע בליקן מיט די אויסגעמאטערטע ארעסטאנטן און געגלעט און געצערטלט זייערע שווייסיקע צע־קארבטע געזיכטער, האבן אנגעשוואלענע ארעסטאנטישע פיס קוים געשלעפט זיך צום זאמל־פונקט, צום ציילן און צו געטריבן צו ווערן צום באראק. שטעקט דער קאנוואי זיין רעכטע האנט צו יעדער ריי, ציילט ביין איין מאל און א צווייטן מאל. און שוין צערייצט, רופט ער אן אפעל, און עס פעלט אים דאך איין ארעסטאנט צו דעם צאל. קיין שפיר־הינט האט ער ניט, דער

קאנוואי. גיין זוכן דעם פארפאלענעם קאן ער ניט: די בריגאדע וועט זיך צעלויפן. פירט ער די בריגאדע אין זאנע אריין. אונטערוועגנס שמייכלען בייז־צופרידן ארעסטאנטישע פנימער: כאטש איינער האט זיך ארויסגעריסן פונעם גיהינום. האט ער אפשר א גוטן אנהייב געמאכט.

אויפצומארגנס, ווען ארעסטאנטן האבן זיך מיט שטיינער אויף די רוקנס ארויפגעדראפעט צו די הויכע גארנס. האבן זיי געפונען הענגען זייער חבר איבער דער הויכער וואנט. א שליידער געטאן די שטיינער פון די רוקנס אראפ, מיט צאפלדיקע פינגער צעבונדן די שטריק און פאמעלעך אראפגעטראגן אויף זייערע ארעמס דעם געהאנגענעם און געלייגט אים צו דער ערד.

די בריגאדע האט גלייך געווארפן די ארבעט און זיך ארומגענומען ארום דעם טויטן. קעסל־בלא איז געווען זיין אויפגעלאפענער פנים. די צעעפנטע ניט־זעענדיקע אויגן האבן אנגעשפארט צו דער וועלט מיט צערייצטער נקמה פאר זיך און פאר די לעבנגע־בליבענע. הייבן זיך ארעסטאנטישע דלאניעס, כאפן די מיצן אראפ פון די קעפ, און א שטים צעכליפעט זיך מיט א שטיל טרויעריק קבורה־געזאנג:

— סא סוויאטימי אופאקאי!

כאפן אלע אונטער דעם געזאנג, און גראבע

מאזאליקע פינגער צלמען זיך, גענייגט און געבויגן צום טויטן. ארבל האבן ניט אויפגעהערט צו רייבן די אויגן.

הארט לעבן דעם געהאנגענעם איז געשטאנען יאקאוו. די בליקן זיינען אים געווען אנגעשפארט צו די צארנדיקע נקמה־אויגן יענעמס, צו דעם בלאען פאס, וואס איז פארבליבן אויף יענעמס האלדז. און ביים אנשפאר צום טויטן האט מיטאמאל א בייז־צופרידן פייערל אויפגעפלאמט אין זיינע אויגן. דאס פייערל האט זיי צעעפנט ברייט, מיט א ווונדער פון א מיטאמאל דערפונדענעם געדאנק. א בייז־שמייכל האט צערונצלט זיינע באקן. אין מוח האט אים אויפגעבליצט:

— דער האט זיך אליין באפרייט פון זיין לעבנס־אומזין! דער האט מוטיק־אומגעוואקלט אראפגעשליי־דערט פון זיך דעם פופצניאריקן טויט מיט דעם אומזין אינאיינעם...

און גלייך ווי מיטגעשטימט, דערהערט ער פון אהינטער זיך:

— א גליקלעכער מענטש! זיך אליין באפרייט פאר דעם טערמין!

קוים וואס עס טראגן אויף זיך ארעסטאנטישע פיס דעם גוף מיט די שטיינער אינאיינעם. צוגעפרעסט איז דאס הארץ מיט א שווערן שטיין, און אויסגעלאשן

זיינען מיטאמאל אלע געדאנקען. און קיין עק וועט ניט נעמען צום שלעפן די שטיינער, סיידן מען פאלט אדער מען הענגט זיך.

און ווען צום שלאף שוין גערופן און נאך דעם גערוף ליגן ארעסטאנטן אויף זייערע נארעס און שלאפן ניט איין. ליגן אין דער טונקלעניש און שווייגן. מערנישט הערצער עס ריידן מיט א געזיפץ און געקרעכץ הויך אויפן קול.

ליגנדיק אויפן זייט, פאלן משהעס בליקן צו יאקאווס נארע אראפ. זעט ער: זיצט יאקאוו און צעבינדט א צעפלאנטערטע שטריק. אלץ לענגער ווערט די שטריק און אויסגעגלייכט. נעמט זי אן יאקאוו, בינדט אויס א שלייף פון איר,ווארפט אים אריבער דעם קאפ אויפן האלדז צו זיך און נעמט אים פאר־קלעמען, דעם שלייף און ציט אים צוריק. און פון האלדז אראפ צונויפגעבונדן, צונויפגעוויקלט.

א שווארצער געדאנק כאפט אן משהען און צערודערט זיין הארץ. ער גליטשט זיך געשווינד אראפ פון זיין נארע, א שפאן צו צו יאקאוון, כאפט ארויס די שטריק פון זיינע הענט, און שטיין געבליבן געפלעפט, רייסט זיך אים פון הארצן ארויס:

— וואס טראכסטו זיך, עמך ליבינקער? דעם טויט רופסטו אויף זיך?! ווילסט פחדניש אנטלויפן, ניט געראנגלט זיך, ניט געקומען צום פאלק צום יידישן

און מיט אים אינאײנעם, אין לײדן און פײן װידער זוכן דעם זין פון לעבן, דעם ריכטיקן זין ? !

א װײלע האקט איבער משה זײנע רײד. און שױן מיט הארציקן טאדל און פארדראס װארפט ער אויף יאקאװן :

— אזא העלדישקײט מײנסטו איז דאס : פאלן טויט צו דעם הענקערס בלוטיקע פיס און בארעכטיקן דערמיט זײן הענקערײ ? !

עטעמט שװער יאקאװ א לאנגע װײלע גע־שפאנטן אויסדויער, גלײך אין קאפ און אין הארצן בײ אים דרײען זיך שװער גרויסע רעדער אדורך. און צעבראכן זיפצנדיק זאגט ער שטיל :

— משה, עמך ! זײ מיר מוחל פאר מײן קלײנ־מוטיקײט און אומזין ! זײ מיר מוחל ! נאר ארויס פון לאגער, איז מײן װעג מיטן יידישן פאלק. און דעם פאלקס לעבנס־זין איז מײנער.

— א ! אט אזוי רײד ! — רופט זיך אפ משה א באגליקטער.

# דאס לעצטע יאר לעבן

ווען אויף זיין גענעראל־רעפעטיציע האט דער פיהארמאנישער ארקעסטער אויסגעהויכט די לעצטע פאטעטישע אקארדן פון דעם אפאפעאז, ווען אויסגע־גאנגען זיינען די לעצטע ברויזנדיקע רופן פון דער אראטאריע "זעקס טעג" און אין הערצער האבן נאך געקלונגען און געהילכט מיט נצחון־פרייד די טריאומף־געזאנגען, ווען די צעשיינטע אויגן פון די שפילערס האבן אויפגעכאפט מיט הארץ־קלעמעניש די גענידער־טע האנט פון דעם דיריגענט, האבן קעפ און אויגן אלעמענס א ציטער און א ווענד געטאן: דער פיאנא־שפילערביים קלאוויר הערט ניט אויף שפילן מיט אלץ שטייגנדיקן טעמפא, גלייך ווי עס שפילט נאך דער ארקעסטער, מעכטיק־דערהויבן אין דער קלאנגען־עלנטקייט און גערופן ווידעראמאל אלעמענס הערצער. און דערפילט זיין עלנטקייט, האט דער פיאנא־שפילער מיטאמאל אפגעהאקט זיין שפילן און זיצן געבליבן ביים קלאוויר. די פינגער זיינען אים ליגן געבליבן אויף די קלאווישן. א לאנגע ווײלע בלייבט געבויגן זיין קאפ.

ער קוקט זיך ניט אום צו דער שטילקייט פון דעם אויסגעליידיקטן קאנצערט־זאל. זיין אייגענעם שפילן הערט ער נאך אלץ, און ער זעט פאר זיינע אויגן טאנקען־שלאכטן אין מדבר סני, ,הימל און ערד אין פייער און פלאם און בלענד פון הארמאטן, און ער אליין רייסט זיך מיט זיין טאנק אין פייער אריין.

א פאר דארשטיק־נייגעריקע פרויען־אויגן און א פארשמאכט־דארשטיק הארץ זיינען שטיין געבליבן אהינטער דעם פיאנא־שפילער ביי זיין לעצטן שפילן און שווייגן. צום הארצן געטוליעט האבן פרויען־ארעמס א פידל, גלייך זיי האבן שטילן געוואיט דעם הארץ־געריף, אויגן האבן אויפגעכאפט און איינגעזאפט דעם מינדסטן באוועג פון דעם ניי־געקומענעם פיאנא־שפילער, וואס קיינער דא קען אים נאך ניט. און מיטאאמל, גלייך ווי עפעס אנטפלעקט און אנטשיידן, האט זיך די פרוי א באוועג געטאן צום פיאנא־שפילער. די אויגן צעלויכטן האבן זיך איר און פריידיק צעברייטערט, א הארץ־געקלאפ האט זיך, דוכט איר, אינאיינעם באהעפט מיט די הילכיקע טריט אירע, שווייגנדיק שטיין געבליבן לעבן אים, צו אים אין די אויגן אריין מיט אירע הארציק־שולדיקע בליקן. די פינגער פון איר רעכטער האנט פאלן איבער זיינע פינגער אויף די קלאווישן, און דערפילט זיין אויפציטער

און די פארחידושטע בליקן זיינע, זאגט זי צו אים שטיל מיט א קוים בענקענדיק רוף:

— קום צו מיר אין מיין שטוב אריין. איך בין איינע אליין. מיר וועלן שפּילן ביינאנד פון אונדזער בענקשאפט און טרוים, דו — פון דיין גערודער און ברויז, און איך — פון מיין עלנט און איינזאם. אוןביים שפילן וועל איך אפשר קומען צו דיין ברויז.

קוים וואס ער הייבט זיין געבויגענעם קאפּ, און עס דוכט זיך, ער זעט זי ניט. זיינע אויגן־לעפלעך שוועבן ערגעץ ארום, גלייך עס פלאטערן נאך אלץ פאר זיינע אויגן אנדערע, ניט־דאאיקע זעאונגען, פון ערגעץ געקומענע. ער זיפצט אפּ שווער.

פאלט די רעכטע האנט אירע צו זיין פלייצע אראפּ. א לייכטער ציטער נעמט אדורך זיין לייב. הייבט ער דעם קאפּ. זיינע בליקן טרעפן זיך מיט אירע, און זיי פאלן באלד צוריק.

— איך בין איינע אליין... קום צו מיר, אויב... דו ביסט איינער אליין. הארץ און נשמה צו קוויקן מיט מוזיק. — זאגט זי שטיל בעטנדיק־רופנדיק.

אין שווייגעניש הייבט ער ווידער זיינע בליקן צו איר.

— איך בין ניט איינער אליין. — פליסטערן זיינע ליפּן ארויס. — אין מיין הארצן מיט מיר גייט ארום

מיין מרים. אין א שלאכט געפאלן איז זי אויפן גולן, די מיין הארציק־געליבטע כלה מיינע.

— קום מיט מיר! רופט זי ווידער צו אים. — א הייליקן יזכור וועלן מיר שפילן אינאיינעם פאר איר נשמה, א יזכור, געקניפט מיט דיינע אויפגערודערטע שטורעם־אקארדן אינאיינעם. דיין צערודערטער קלאוויר און מיין קלאג־פידל וועלן דערמאנען מיט געזאנג איר נשמה. אינדערפרי, ווען די בערג־שפיצן פון יהודה באגריסן מיך אין מיין פענצטער אריין מיט זייערע זון־צעשטראלטע קעפ, וועלן מיר באגריסן איר נשמה ביי איר אריינפלאטערן צו אונדז. און ווען, געזאפט מיט דער זוניקער שיין, וועט זיך לעשן פון מידקייט דער טאג, און דער נאכטיקער פארהאנג וועט פאלן אויף אירע דארשטיקע פלייצעס אהינטער, וועלן מיר שפילן א צארט־רופנדיק ליבשאפט־געזאנג איר נשמה אנטקעגן. און נאך פאר איין נשמה וועלן מיר שפילן א געזאנג... א ליבשאפט־עקסטאז פון דעם פארגאנגענעם און ניט־דערווארעמטן...

זי פארכאפט זיך ביים ניט־דערזאגטן און בלייבט שווייגן, א שווער אטעם געטאן.

— מיין טיר וועט זיין אפן, ניט צו קלאפן אין איר, און מיין נאמען איז אהובה. און דיינער איז ווי?

— שמעון! ענטפערט ער קוים.

אירע לייכטע טריט שטילן אין דער טיפעניש פונעם קאנצערט־זאל. ער האט ניט געהערט אירע טריט.

אויפגעשטעלט האט אים פון זיין געזעס ביים קלאוויר די ליידיקע שטילקייט פונעם זאל. אן איינזאמע טונקלקייט שפארט אן צו אים, א שווער־שווייגנדיקע, לויערנדיקע און ציטערט אויף זיין לייב. לאזט ער זיך גיין צו דער צעעפנטער טיר, וואס לאזט זיך זעען מיט א ליכטיקער שפארע פון צעעפנטקייט.

— ווער איז זי, די פידלערין? — שטרעקן זיך אויס זיינע פרעגנדיקע דלאניעס.

אין קאפ מישן זיך אים אירע עלנטקייט־גערופן, די שפיצן בערג פון יהודה, די יזכור־געזאנגען נאך א פארגאנגענער נשמה און נאך איינער, א לעבעדיקער... עלנט... איינזאם... וואס קאן ער איצט, דער מענטש מיט דעם צעבראכענעם הארץ, מיט זיין אויסגעליידיקטער נשמה, מיט וואס קאן ער לינדערן אירע נשמה־ווייען? בענקען און טרויערן ביינאנד? און ביינאנד צערודערן די נשמה מיט אויפגעברויזטע קלאנגען?

ביינאכט נאכן קאנצערט האט זי אויסגעמיטן צו טרעפן זיך מיט אים, אפילו מיט בליקן אויך ניט, און גלייך פארלאזט דעם זאל האט זי. מיד און אפגעשוואכט פונעם קאנצערט, איז זי אין שטוב ביי זיך אריינגעפאלן צו איר באליבטן ווייך־ווארעמען פאטעל און אומ־

באהאלפן זיצן געבליבן אין אים. דאס הארץ און דער קאפ האבן אירביידע גערודערט און געראנגלט אין א זיסן אומרו איבער איר היינטיקן וועגד און גאנג, דעם ניט באטראכטן און ניט געפרעגטן ביים קאפ אויף יא אדער ניין. דאס הארץ האט איר גערופן און אויפגעפאדערט צום באוועג און געטריבן זי צום פרעמדן פיאנא־שפילער, באקלאגט זיך פאר אים אויף איר עלנט און איינזאם און גערופן אים צו זיך... עס איז אלעמענס געראנגל, ווי אויך איר אייגענער געראנגל צווישן הארץ און קאפ: דאס הארץ פילט און זעט ניט, דער קאפ זעט און פילט ניט. די אויגן, די קאפ־וועכטער, האבן צוגעשטימט צו איר וועגד און גאנג צו אים. דעם פיאנא־שפילערס עקסטאז ביים פינאל־שפילן, זיין צערודערטער טעמפא, זיין בלייבן זיצן איינזאם אינעם אויסגעליידיקטן קאנצערט־זאל, זיינע פינגער, די ליגן געבליבענע איבער די קלאווישן, זיין געבויגענער קאפ, — דאס אלץ טוט א מענטש, וואס איז אויפריכטיק מיט זיין שפילן און באהעפט מיט אים. גלייך ווי פון הארצן אראפגערעדט האט ער זיין בלוטיקן ווייטיק, — דעם אומקום פון זיין געליבטער כלה.

פרעגט זי די אויגן אירע, די געטרייע קאפ־וועכטער אירע, און ניט געווארט לאנג אויף זייער ענטפער, ווייל פארהיילכט האט דער גערוף פון איר הארץ:

— גיי! גיי צו דעם מענטשן, ווייל אויפריכטיק איז ער! גיי צו דעם מענטשן, ווייל זינגעוודיק איז זיין הארץ! גיי צו דעם מענטשן, ווייל טיף טרויערן קאן ער! גיי צו דעם מענטשן, ווייל איינזאם איז זיין הארץ, און אין איינזאמע הארץ הילכט אפ מיט א ווידער־קול צו א צווייטען אין איינזאמען הארץ. גיי צו דעם מענטשן, ווייל ניט אויסגעליבט איז דיין יונגע הארץ, ניט אויסגעקושט זיינען דיינע ליפן, ניט אויסגעהאלדזט איז דיין לייב און ניט געצערטלט דיין מוטערשע ליבשאפט! גיי צו דעם מענטשן, ווייל... ווער ווייסט... און מעגלעך... איין יאר לעבן איז דיר... פארבליבן... איין יאר לעבן... דאס ילעצטע יאר... גיי צו אים און רוף אים צו זיך!... און פרעג ניט דעם קאפ דיינעם!

עס שטילט איר אויפגערודערט הארץ. און א שטים פון אירע שעפטשענדיקע ליפן ארויס רופט:

— זאל ער קומען! זאל ער קומען! אזא ווי ער איז, מיט זיין שטורעם און ברויז, מיט זיין טרויער און ליידן. וועט זיך שמעלצן אינאיינעם עלנט און טרויער.

דער שווער־אנגעלאדענער קאפ האט אים געצויגן צום בעט. אין אומרו־שלאף פון שווינדלדיקע זעאונגען און צעבראכענע קלאנגען האט אנגעשפארט צו אים. אויפגעוועקט פון עפעס אן אומבאקאנטן, ווונדערבארן גערוף און געשאל, אט דא, ילעבן אים און צו אים,

און מאדנע קלאר און הילכיק, ווי א הארן־געשאל
אדער ווי א שטימענדיק הארציק מענטשנס גערוף.
אין קאפ און אין הארצן צעהילכט דער גערוף.

— ווער האט אים רופן געקאנט אין דער נאכט ?
— נעמען זיך קלארן זיינע געדאנקען. — ערגעץ
אינדרויסן ווארט אויף אים ווער ?

קוים עס נעמט גרויען אויף טאג, נעמט ער דעם וואנדער־שטעקן זיינעם און בלייבט שטיין אינדרויסן ביי דער טיר. און שטייענדיק, געהויבן דעם קאפ און אין ערגעץ אין ווייטן ארייגעקוקט דערוואַרטנדיק־באטראַכט און זוכנדיק עפעס, צעלויטערן זיך זיינע אויגן מיטאמאל, און א פרייד שוועבט אויף אין זיין הארצן.

— דאס האט זי אים גערופן, די פידלערין אהובה ! פון דער נאכט אים גערופן צו זיך אין איר היים אריין.

עס העלט שוין דער טאג. דארטן, ביים ראנד פון דער שטאט, איז אזוי הארציק־גוט צו קלעטערן ארויף צו די בערג פון יהודה און באגריסן די אויפגייענדיקע זון. זי איז נאך ניט אויפגעגאנגען, די זון, זי דארף ערשט אויפגיין. לייכט איז זיין גוף ביים קלעטערן. ער פילט אים ניט. דער קאפ איז אים פארהויבן ארויף דאס הארץ פלאטערט אויף און די אויגן דערווארטן דעם ערשטן דערשיין פון דער זון.

צום אויבן ארוף איז ער שוין און שטיין געבליבן מיטן פנים צו מזרח. א שטילקייט, א הייליקע רו, א לויטערע, א דורכזיכטיקע, האט זיך צעשפרייט איבער די בערג פון יהודה ביז צו דעם הימל אריין. קיין ריר און באוועג. קיין שטים און קיין קלאנג ניט. א לייכט ווינטעלע האט זיך צעטראגן און גלייך ווי באוואכט די שטילקייט. די זייטן בערג ליגן באדעקט מיט גרינעם טונקל. איבער דעם טונקל ליגן צעשאטן הייזקעלעך, ווי ווייסע פלעקן.

צעהעלט זיך דער הימל ביים ראנד ערד. און פון אהינטער דער ערד און צום הימל ארוף שטרעקן זיך שטראלעכלעך שפיצן ארויס, איינער לענגער און העכער פונעם אנדערן און צום אויבן ארוף, גלייך אן אנזאג זיי ברענגען פון א פראכטפולן העל, וואס גייט צו דערשיינען און צו באשיינען די ערד. רויטלען זיך די העלע שטראלן, צעלייכטן דעם הימל און פלאסטערן א וועג פאר דער מעכטיקער העל. דערשיינט זי און באשיינט דעם הימל און די ערד און אל דאס לעבעדיקע מיט איר רומפולן ליכט. אל און אלע שטייען אויף צום באגריס. ווארפן פעלדער אראפ פון זיך דעם נאכטיקן טונקל־גרין און קליידן זיך אין פריש־שימערנדיקן פייכטן גרין. העלע פינקלדיקע פערל באצירן דעם גרין פון דער ערד. פון דער נאכט די פארטראכטע ביימער־קעפ צעזינגען זיך מיט א

דערהויבן־פרימארגנדיקן פויגל־געזאנג און לויב, און בלעטלעך שטימען־צו מיט א שטילן גערויש.

פון ערגעץ פון אונטן, פון די זייטן בערג צעזינגט זיך דאס פייפל פון פאסטעך, און עס ענטפערן אים אלט און יונג הייזעריקלעך צופרידענע שטימען פון שאף. א ווייט־ווייטער געהילך פון שטאטישן טאל האט געענטפערט מיט א מונטערן רוף:

— מענטשן! צום לעבן! צום שאפן! צום זוניקן שיין אין אייערע אויגן און הערצער!

ער קלעטערט פון די בערג אראפ, שמעון. זינגען גלוסט זיך אים, שפילן קלאוויר א דערהויבן ליד צום לעבן. אן אומבאזינטער הארץ־באוועג פירט אים צו אהובהס שטוב. און זיך אנגעכאפט ביי דער קליאמקע, בלייבט ער שטיין א ווילע, באטראכט און געבויגן דעם קאפ. און באלד, זיך אויסגעגלייכט, עפנט ער שטיל די ניט־געשלאסענע טיר, און טרעט אויף אין שטוב אריין. א פרימארגנדיק־שטוביקע שטילקייט, א ווארעמע, א היימישע נעמט אים אן. א העלע שפארונע ביי א טיר, צעעפנט ער זי פאמעלעך. א ליכטיקער גאסט האל. ווייכע היימלעכע מעבל, בילדער אויף די ווענט. א שאפעלע ביכער. אין א ווינקל א ווייסער קלאוויר. און א שטילקייט, א פרימארגנדיק־היימישע שטילקייט.

נאטן ליגן אויפן קלאוויר, נאטן דערביי, אויף א בענקעלע. פון א צעעפנט נאטן־העפט קומט צו אים

די "עקסטאז־פאעמע" פאר פידל מיט פיאנא. זעט אויס, געשפילט האט זי לעצטנס פון איר. ער קען דאס ווערק. עס איז פאטעטיש־דערהויבן, ברויזנדיק און רופנדיק, א ליבשאפט־פאעמע, א פרילינג־סימפאניע, א לײדנשאפטלעכע, א בענקענדיק־טרויעריקע. ציען זיך די פינגער זיינע צום קלאוויר. ציט ער אויף דעם דעקל פון קלאוויר, לייגט צום נאטן־האלטער דאס צעעפנטע נאטן־העפט, זעצט זיך צום קלאוויר און לייגט די פינגער צו די קלאווישן אוועק. א פריידיקער אימפעט־שטראם האט אים אנגעכאפט און באַנומען זיין הארץ און זיין קאפ און אנגעשפארט צו די פינגער. זיך צוגעהערט אין דער שטילקייט, צעלויפן זיך די פינגער איבער די קלאווישן און נעמען שפילן די פאעמע, צורשט אין שטילן טעמפא, און באלד פארגעסן אין אלץ, און אין אלעמען און אין זיך אליין זיך צעשפילט מיט דעם אויפגעברויזט־דערהויבענעם מאזשאר.

דוכטן זאל זיך דאס איר? דער זיסער חלום האלט זי נאך אַלץ און צויבערט איבער איר הארץ? אדער אינדרויסן ערגעץ שפילט מען עס דעם "עקסטאז"?

זי קערט זיך אויס אויפן בעט און הערט זיך איין נאענט, גאר נאענט לעבן איר שפילט מען עס, גלייך ווי פון איר גאסט־האל ארויס קומען קלאנגען, צע־ברויזט, צערודערט קומען זיי, און ניי און פריש און

ליריש — צארט און בענקענדיק, ציטער־בענקענדיק און רופנדיק.

זי שפרינגט אראפ פון בעט, כאפט אויף זיך דעם פרימארגנדיקן שלאפרק, טוט א שאר מיט דער רעכטער דלאניע דעם צעשויבערטן קאפ האָר. פאמעלעך צע־עפנט די טיר פונעם שלאף צימער און אין דער ברייטער קעגנאיבערדיקער שפארונע אין דער העלקייט פונעם האָל איז צו אירע ברייט־צעעפנטע אויגן דער־שיינעןביים קלאוויר א מאנסבילש פיגור.

— ער! געקומען איז ער!... צו איר געקומען! א ווארעמער שטראם האט אנגעשפארט צו איר הארץ און א ווײלינקע פארבלענדט די אויגן און צעשווינדלט דעם קאָפּ. א זיסע פרייד האט צעשטראמט זיך איר איבערן הארץ.

און נאכן בלייבן שטיין א ווײלע צערודערט, כאפט זי זיך צום שאכטל און ציט איר פידל ארויס. ציטעריקע פינגער כאפן דעם סמוטשיק, שטימען אײליק די סטרונעס. און צוגעדריקט די פידל צום הארצן, גלייך געוואלט שטילן זיין צערודערטן שטורעם, בלייבט זי שטיין אין האָל ביים קלאוויר, אהינטער שמעונען. ארײנגעקוקט צו די נאָטן, און באהערשט פונעם שפי־לערס טעמפא קרעפטיק שפילן גענומען מיט דעם צעשטראמטן ריטעם.

ער מערקט זי ניט. בלויז, ווען עס האבן ארײנגע־

שטראַמט די ערשטע קרעפּטיקע פידל־טענער, האָט ער זיך אינסטינקטיוו אַ קער אויס געטאָן, און דערזעען זי שפּילן לעבן זיך און געשטימט מיט דעם לויפּנדיקן ריטעם, האָט זיך דערהויבן זיין ברויז און געקרעפּטיקט עס האָבן זיך זיינע לייכטע פינגער.

אַ וואַרעמער זונען־שטראַל האָט זיך אַדורכגעשמוגלט פון איר שלאָף־צימער דורך דער צעעפנטער טיר, אַריין אין דעם גאַסט־האַל און צוגעפאַלן צו זייערע ביידנס געזיכטער און אַ ווײַלע פאַרבלענדט זיי ביידן די אויגן. אַ ליבלעך שמייכל האָט אויפגעשוועבט איבער זייערע באַקן, צערויטלט זיי שעמעוודיק און צעשטערט דאָס שפּילן. הארציק־וואַרעמע בליקן זייערע האָבן זיך געטראָפן און מיט לוסט־פרייד זיך געשפּיגלט איינע אין די אַנדערע. און אַריינגעטאָן די פידל אין שאַכטל, זאָגט זי:

— שמעון! קום מיט מיר עסן אָנבייסן. און דערנאָך גייען מיר ביידע צו דער רעפּעטיציע. און ביים שווייגנדיקן גיין מיט פאַרטראַכטע אויגן און קעפּ פּילן זיי ביידע: עס רײַדן זייערע הערצער איינס צום אַנדערן. אימפּעטדיק, הילכיק רײַדן די הערצער צו זיך אַליין, און קעפּ זייַנען פאַרטאָן אין פרעגן זיך אַליין.

ביינאַכט נאָכן קאָנצערט, ביים געזעגענען זיך, זאָגט ער צו איר:

— מארגן אינדערפרי וועל איך קומען צו דיר.

— מיין טיר איז אפן פאר דיר. —— ענטפערט זי אים הארציק.

שלאפלאזער אומרו, הארץ־געראנגל און נאגעניש און בענקשאפט. און פון חשבון הנפש.

אין בעט ליגנדיק באפט זי דעם קישן ארום מיט אירע צארטע ווארעמע ארעמס, טוליעט איר פנים אין זיין ווארעמער ווייכקייט אריין. א כליפענדיק געוויין צעצאפלט איר לייב. שוין פונלאנג אנגעזאמלטע טרערן פאלן צום קישן, טרויער־טרערן פונעם הארצן אראפ, גליק־טרערן, ביטערע און זיסע אינאיינעם געשמאלצן, עלנט און איינזאם, און אן אויפגייענדיקער שטראל, א נאענטער פון א ווארעמער נשמה, וואס האט אויפגעשטערנט פאר איר מיט טרויעריקן ברויז פאר איר נשמה־נאענטקייט און אין איר היים־נאענטקייט. איז אפשר אויס איר עלנט און איר איינזאם ?...

זי דריקט דעם קישן צום הארצן און קושט אים, פארכלינעט פון פרייד. אירע ליפן שעפטשען :

— אפשר !... אפשר !...

דער ערשטער זונען־שטראל פון די יהודה־בערג אראפ האט ארומגעבלאנדזעט איבער אירע דרעמלענדיקע באגליקטע אויגן און צעשמייכלטע פרימארגנדיק־צערויטלטע באקן.

ווען ער קומט אהיים ביינאכט פון קאנצערט, טרעפט ער זי שטיין ביים שפיגל, ווי אמאָל, ווי דעמאלט. זי דערזעט אים אין שפיגל אריינגעקומען און בלייבט שטיין, גלייך ווי אויסגעווארט עפעס האט זי. א גליקלעכע ווייליקע ווארטן. זי ווייסט, זי ווארט דעם אויפרודער־פראמיקן גליק פון אט דער ווייליקע שטיין ביי דעם שפיגל מיטן נאקן צו אים. פון אהינטער וועט ער זי אנכאפן מיט זיינע קרעפטיקע ארעמס, איר גאנצן גוף, איר קאפ דריקן צו זיך, און קושן זי ווילד וועט ער, זיך פארכליבען אין קושן זי וועט ער. קושן, נאָן קושן זיינע, — מער דארף זי גארנישט. קושן, אויפגעברויזטע פון זיין ליבשאפט צו איר. ז

אריבער די שוועל און שטיין געבליבן.

— ניטא זי! — רייסט זיך פון זיין הארצן ארויס.

געפאלן די הענט, און א געשאקל מיטן קאפ פון ווייטיק און טרויער, א טויט־מידער, גלייך ווי עפעס שווער געטראגן אויף זיך, פאלט ער צו צום געלעגער אט אזוי ווי ער שטייט און גייט און ניט אויסגעלאשן דעם פייער. פון שלאף געברומט, גערופן איר נאמען, זיך געראנגלט מיט עמעצן, געריסן זי פון עמעצנס הענט ארויס און דערנאך זיך צערעוועט ברומענדיק.

א צעשויבערטער, א צעפלאטערטער, בליקן צע־שטרויט־זוכנדיקע, געבויגן דעם קאפ, גייט ער אינדער־פרי מיט נעכטיקן וועג אהין, וווּ די טיר איז אפן פאר

אים. דאס הארץ און די פינגער זיינע ווערן געריסן פון עמעצן איינעם צו שפילן, שפילן... אבער ניט דעם נעכטיקן "עקסטאז", — א צערודערטן טרויער־געשריי, א פארגייענדיקן ראטעווע־רוף, א ווידער־געוואלד וויל ער ארויסשטורעמען איצט פון זיין הארצן אראפ.

די העלע פרימארגנדיקע שטילקייט אינעם גאסט־האל ציטערט אויף מיטאמאל פון צערודערט־אומרואיקע קלאוויר־אקארדן. קלאנגען צארטע, לאשטשענדיקע ביז צו הייס־פלאמיקע, שטורמישע און זיס־צארטע, גליק־לעכע.

און מיטאמאל פלאצט די סימפאניע און צעשמעטערט זיך אויף קלאנגען־שפליטערס. א קברים־געוויין, א קרעכצן־געברום...

אנטבלויזטע, צארטע, ווארעמע ארעמס כאפן אן זיין קאפ פון אהינטער און ציען אים צו זיך און דריקן אים צום הארצן. זודיקע טרערן אירע פאלן אים צו די באקן, און ליפן אירע שעפטשען צו אים:

— לאז מיך טרויערן מיט דיר אינאיינעם!... אויך מיינער זאל דיין טרויער זיין.

דעם דיריגענטס ווייזערל איז אומרואיק שוין עטלעכע טעג. צום פיאנא־שפילער איז דאס ווייזערל געווענדט און געוויזן צו אים:

— ארוף! ארוף!

שוין עטלעכע טעג, אז עס פאלט דאס טעמפא ביים פיאנא־שפילן ביי די סאמע פאטעטיש־דערהויבענע מאמענטן אין דער מאזשאר־סימפאניע. ניט צו באנעמען זיין שפילן: פונעם שטענדיקן מאזשאר זיינעם צו איצטיקן מינאר. א שטילע אומבאהאלפנקייט האט געפאנגען זיינע גליענדיק־שווארצע אומרואיקע אויגן. א טעמפע אונטערטעניקייט פירט מיט זיינע לייכטע פינגער. א פאראורטיילטקייט הענגט איבער אים.

פרימארגנס יעדן טאג קומט ער צו איר אפענער טיר. ער גייט שטיל אין גאסט־האל אריין, און גלייך אזוי שטיל ווי פון עמעצן געווארנט, זעצט ער זיך צום קלאוויר און נעמט שפילן א שטילע מינאר־מעלאדיע, וואס גרייכט צו א געבראכענעם געקרעכץ. יעדן טאג אינדערפרי קומט זי פון איר שלאפצימער אין גאסט־האל אריין און בלייבט שטיין אהינטער אים, די הענט געפאלן אראפ, און שטייט לאנג, צוהערנדיק זיין שפילן. עס גלוסט זיך איר כאפן די פידל און מיט־שפילן צו אים, און זאל זיך צעוויינען די פידל, און פון זיין הארצן אראפ זאלן פאלן די ווייען און זיפצן זיינע.

ניין. בעסער איז מיט אירע ווארעמע ארעמס ארומ־כאפן זיין קאפ, ציען צו זיך און קושן אים. קושן ביז צו פארכלינען זיך אין קושן. מאכן פארגעסן זיין טרויער. זי די ערשטע וועט אים קושן, מעג זיין די

ערשטע. און רופן וועט זי זיינע קושן צו זיך. צו איר גליק וועט קיין גלייכן ניט זיין.

שוין איצט איז איר הארץ פול מיט ליבשאפט צו אים. פונדערוווייטנס אפילו שטראלט צו איר די נאענטקייט. זיינע א ווארעמע, א קרעפטיקע, אן אויפ־ריכטיקע. אין זיינע ארעמס בלייבן ... זיינע בלייבן ...

זי צעשפרייט די ארעמס. איר גוף טוט זיך א ווענד קוים פארויס, און גלייך כאפט זי זיך אויף צוריק. און געכאפט אטעם אין זיך און געבויגן דעם קאפ, גלייך ווי פארשעמט געבליבן. האט א געדאנק זי געפאנגען:

— ניין! זאל פאלן דער טרויער זיינער. ביים לויטערן נשמה־שיין זיינעם וועט קומען איר פולע פרייד. איר געטרוימטער גליק וועט זעטיקן מיט לעבנס־לוסט איר הארץ.

אויפמארגנס אינדערפרי, גלייך נאך זיין קומען אין גאסט־האל צו איר, גייט זי נאך אים אריין. ער איז שטיין געבליבן אנקוקנדיק זי. א שווארץ לאנג טעאטער־קלייד האט אנטפלעקט איר פרויען־שיינע וווקסיק־שלאנקע פיגור, דעם געטאקטן האלדז און דעם שיינעם קאפ אירן, מיט דעם הערשערישן קער אין דער זייט, ווען זי גרייט זיך צו דערווידערן עפעס, מיט דעם לייכט־מאטן לענגלעכן פנים, מיט די גרויסע שווארצע בייזלעך־מאנענדיקע אויגן. ביי דעם נאכאנאנדיקן טרויער־ארומגיין זיינעם מיט געבויגענעם קאפ איז

צו אים ניט געקומען איר באהערשנדיקע שיינקייט.

ביים קלאוויר ליגט צעעפנט די סימפאניע "פראמע־טעאוס" און זיך געזעצט צום קלאוויר, קוקט ער אין די נאטן אריין, הייבט דעם קאפ צו איר און פרעגט פארחידושט:

— "פראמעטעאוס" ?

— יא, "פראמעטעאוס"!. דער פארשמידטער אין קייטן, דער פארקלעמטער אין זיין אייגענעם טרויער, דער, וואס עס קרעפטיקט זיין מוט און רייסט זיך צום לעבן ארויס, צו פרייהייט, צו ליבשאפט...

זי נעמט שפילן די ערשטע. טיף־רירנדיקע, פון הארץ־גערודער ברויזנדיקע טענער, געהילט אין נאגנ־דיקן טרויער הילכן אויף פון אונטער אירע פינגער א ווייטיקדיק מאנסבילש געברום, א דערווידער־געקרעכץ, א קייטן־געקלאנג, א קללה־גערוף. און, ווי פון עפעס צעהאקט, פאלט דער ברויזנדיקער טעמפא, און א שטיל אומבאהאלפענער ברום, א מאנסבילט געשטיקטער געכליפ...

ער איז ניט גלייך אריין אין איר טעמפא און אין אירע טענער. די פינגער זיינע האבן ווי עפעס געוואוּרט. און ווען אויפגעכאפט האט ער דעם מוזיקאלן װענד, האט אויפגעצאפלט זיין הארץ מיט א לייבלעכן ענטפער־געצאפל. זיינע פינגער האבן זיך שוועבן

גענומען איבער די קלאווישן און נאכגעאנגען איר שפּילן, געשטארקט און געצייכנט אים.

א מינוטעלע שווייגן בלייבט די פידל, פארגליווערט געהויבן אין אירע הענט. בלייבן רוען אויך זיינע פינגער. מערנישט דאס הארץ פארגייט פון א צארטער פרימארגנדיק־זוניקער, הימל־העלער, ווארעמקייט. עס דוכט זיך אים, אז עמעצנס לייכטע ווארעמע הענט נעמען אראפּ פון זיין הארצן א שווער־אנגעשפּארטן שטיין, וואס האט אים עטעמען ניט געלאזט.

און מיטאמאל טוט אים פון טיף הארץ א באוועג אויף א ווארעמער, א צעשפּארנדיקער שטראם. כאפּט ער זיך פון געזעס און רוקט אים אוועק אין א זייט. מיט דער פידל אינאיינעם כאפּן זי ארום זיינע ארעמס און דריקן צום הארצן, און דארשטיק־אימפּעטדיק פאלן צו זיינע ליפּן צו אירע.

— זאל "פּראמעטעאוס" שטיין צו אונדזער ביידנס פאעמע! — רופט ער צו איר מיט רירנדיקן ציטער.

— אונדזער "עקסטאז" און אונדזער "פּראמעטעאוס". זיי וועלן אונדז באגלייטן אין אונדזער געמיינזאם לעבן.

די צווייטע העלפט סימפאניע, "דער באפרייטער פּראמעטעאוס" האט זיי נאכגעהילכט מיט גליק־צערודערטע אקארדן.

צעבליען זיך די באקן אירע און אויפגעשיינט האבן

ווידער די געהאַט פאַרגאַנגענע צוויי חן־גריבעלעך, וואָס האָבן זי אַמאָל אַזוי ליבלעך געמאַכט און וואָס זיינען אויסגעגאַנגען אין צייטן פון איר עלנט און איינזאַם. און שטיל־פאַרבאָרגן צעגליען זיך אונטער די געדיכטע ברעמען אירע צוויי בליקן־פלעמעלעך, אין זיך געהייליקט זאָל זיין איר גליק און איר פרייד. אירע בליקן כאַפּן אויף זיינע די ברייט־צענומענע פלייצעס, דעם קרעפטיקן, זיכערן גאַנג זיינעם. גלייך ווי באַפליגלט פון עפּעס די בליקן זיינע. יעדן טאָג אינדערפרי וועקט ער זי שטיל מיט שפּילן אַ פראַגמענט פון "עקסטאַז".

*

זי דערצייילט אים גאַרנישט פון איר געזונט, פון אירע שוואַכע לונגען, וואָס זי אַליין האָט שוין געהאַט פאַרגעסן אין זיי. עפּעס אַ שוואַכקייט, אַ מידקייט צענעמט לעצטנס איר גוף. די געוועסט פאַרשוווּנדענע רויטלעכע פלעקן אויף אירע באַקן האָבן איצט ווידער דערשיינט. אַ הוסט האָט זיך גענומען ביי איר מיט לייכע. דער דאָקטער שיקט זי אין אַ הייל־קוראָרט אויף אַ לענגערער צייט. איר אורלויב וועט זי דאָרט פאַרברענגען און זיך פאַרריכטן.

אין אַפּגעשוואַכטע, אַ בלאַסע, ברענגט ער זי צום קוראָרט. ער וואַרט אויס ביז דאָקטוירים באַטראַכטן

זי, זיי באַרואיקן אים און בעטן ניט שטערן איר רו ביז אין צוויי וואָכן אַרום.

אינדערהיים איז הענגען געבליבן איר פּידל, און עס לויכט מיט איר וועזן פון יעדן מעבלשטיק. די שטוב הויכט מיט איר, און ליידיק איז, פּוסט, קיין וואַרט ניט אירער דער האַרציקער, און קיין וואַרעמע אָרעמס אויף זיין האַלדז, און קיין קושן ניט מער.

באַלד איז דער טאָג, וואָס אים איז ער באַשטימט געוואָרן צו קומען געוואָרוועִרן זי. בלומען פאַר איר. רויטע דופּטיקע רויזן, בלומען פון ליבשאַפט. רויטע בלומען וועלן איר דערמאָנען אין בלוט, ווייסע בלומען — אויפן טויט. וועט ער איר ברענגען זיינע אויסגעבענקטע קושן צו אירע בלאַסע באַקן און צו די פאַרשמאַכטע ליפּן אירע. און זיינע צאַפּלדיק־הייסע אָרעמס וועט ער צו איר ברענגען און צום האַרצן זי דריקן און ניט אָוועקלאָזן פון זיך.

א שטיל־שלעפערישע נאָכמיטאָג־צייט האָט פויל און מיד געמאַכט דעם קוראָרט. ניט אויסצוזען איינזאַם און פרעמד, טרעט ער אַריבער פּאַמעלעך די שוועל פונעם גערױמען גאַסט־האַל פונעם קוראָרט, טוליעט זיך צו אויף אַ בענקל צו אַ טישל אין אַ ווייטן ווינקל און שפּאַרט אָן דעם קאָפּ איבער די עלנבויגנס. דאָ וועט ער בלייבן זיצן, ביז די שלאָף־

שעה וועט אויסגיין און דערנאָך וועט ער אויפזוכן זי ערגעץ.

זיין בליק פאַלט צום קלאַוויר, וואָס שטייט אין דער טיף, פאַר די לאַנגע רייען שטולן. אַ שטיפערישער געדאַנק אַ ווילטיונגערישער באַנעמט אים מיטאַמאָל: ער וועט זי רופן אַהער אין האַל אַריין מיט דעם קלאַוויר, און שפּילן וועט ער זייער באַליבטן "עקסטאַז". מערנישט אויסוואַרטן דאַרף מען ביז נאָך דער שלאָף־שעה. דער געדאַנק צעשמייכלט אים אַליין. זיינע פינגער זיינען שוין באַלד גרייט צוצוכאַפּן זיך צו די קלאַווישן.

אַ מעלאַדיש גלעקעלע צעהילכט זיך איבער אַלע גאַרנס פונעם קוראָרט און רופט די קראַנקע צום טיי־טרינקען. און באַלד צעטאַפּען זיך פיס איבער טרעפּלעך און צום עס־צימער. עס גייט שוין אָן אַ גערייד, אַ געקלאַנג פון גלעזער און טיי־לעפל. גאָר באַענט איז דער גאַסט־האַל מיטן עסצימער.

ער באַהערשט זיך קוים. קיין אָנונג ניט פון וויל־יונגערישקייט. עס קומט מיטאַמאָל צו אים, צום האַרץ און קאָפּ זיינעם דער שטראָם פייערלעכער דערהויבנ־קייט, וואָס באַנעמט און באַהערשט אים ביים קאָנצערט־שפּילן. עס נעמען באַוועגן זיך אים זיינע פינגער אויף און אָפּ און זיי ציען זיך צו די קלאַווישן. אַ מעכטיק־פריידיקער, אַ טריאומף־מאַזשאָר הילכט אויף

אין דעם גרויסן גאסט־האל און צעכוואליעט זיך צום נאענטן עסצימער און צו אלע גארנס פון קוראַרט און אוועק צום דרויסן ארויס. שטילט מיטאמאל דאס גלעזער־געקלאנג און עס שטומט דאס גערייד אינעם עסצימער. האלטן פארגליווערטע הענט די גלעזער אין לופטן, ניט דערבראכט זיי צום מויל. פרעגנדיק קערן זיך קעפ און הערן זיך איין.

—ווער שפילט עס: ראדיא?

דערשלונגען דעם טיי, צעטאפען זיך פיס איבער די טרעפלעך און צום גאסט־האל אריין. און שטיל און פאמעלעך שפארן זיך צו צו די שטולן, ניט צו צעשטערן די הייליקע שטילקייט.

א פאראטעמטע, א בלאסע, מיט ברייט־צעעפנטע זוכנדיקע אויגן, שפארט זי זיך אדורך צווישן די שטייענדיקע און זיצנדיקע מענטשן. זי וויל זעען, ווער שפילט עס דעם "עקסטאז" אזוי גרויסארטיק, אזוי אימפאזאנט, ענלעך צו איר שמעונס שפילן. נאר ער אליין, שמעון, באהערשט דעם "עקסטאז".

לעבן אים שטייט זי. א בליק פון דער זייט.

— ער! ער! — כאפט זי דעם אטעם, א צערודערטע.

טועו אים א כאפ אן אירע ארעמס פון אהינטער און ציען זיין קאפ צו זיך. א געשטיקטער הארץ־געשריי:

— ליבינקער מיינער! — און זיך פארכלינעט אין שלוכצן.

צעטומלט איז דער האל מענטשן:

— ווער שטערט עס דארט?

— שטערט ניט!

— לאזט שפילן! לאזט הערן!

און שטיל וויינענדיק, בעט זי זיך ביי אים:

— ליבינקער מיינער! נעם מיך פונדאנען אהיים! צו אונדז אהיים וויל איך! איך פיל זיך דא שלעכט. איבערגעזעטיקט פון זון־שטראלן... אינדערהיים וועל איך רוען... לעבן דיר און מיט דיר...

— קום, הארציקע מיינע! איך נעם דיך גלייך פונדאנען אוועק!

פון צווישן דעם געטומל גייען זיי ביידע ארויס. אויף די הענט טראגט ער זי צום אוטא און ברענגט קיין ירושלים אהיים.

טעג און שטילקייט אין שטוב.

אויף די קלאר־זויבערע קישנס זיינען אירע באקן כמעט אלצאיינע ווייסע. מערנישט די אויגן, די גרויסע שווארצע אויגן אירע זיינען נאך גרעסער געווארן. נעמט ער ניט אפ זיינע ארעמס פון איר האלדז ארום, און ער לאזט ניט אפ זיינע קושן פון אירע האלב־טויטע ליפן, גלייך ער באשיצט זי פונעם טויט־לויער

און כאטש א ווײַלינקע רופן א שמייכל אויף אירע באקן.

א מידע, זאגט זי צו אים איינמאל אין דער שטיל:

— ליבינקער מײַנער! איך דאנק דיר פאר מײַן לעצטן יאר לעבן!... איך דאנק דיר, וואס דו לעבסט אויף דער וועלט!...

ער קושט אויס די טרערן פון אירע גרויסע צעשראקענע אויגן.

— ליבינקער מײַנער! — בעטן קוים אירע ליפן. — שפיל מיר אונדזער "עקסטאז"... צום לעצטן מאל!...

קוים וואס עס ציען אים די פיס זײַנע צום קלאוויר.

די פינגער באוועגן זיך קוים איבער די קלאווישן.

א כארכלדיקער הויך פון איר שלאף־צימער. ווארפט ער דאס שפילן און לאזט זיך גיין האסטיק צו איר.

א בלוט־שטראם האט א שפאר ארויס געטאן פון איר האלדז און צעפלייצט איבער די קישנס. די ליפן אירע האבן קוים ארויסגעשעפטשעט:

— ליבינקער מײַנער... איך דאנק דיר, וואס דו לעבסט אויף דער וועלט... פאר דעם לעצטן יאר לעבן מײַנעם!...

א וויי־געשריי פון זײַן הארצן האט איר אפגע־ענטפערט.

## אומזין

— א גלגול זיצט אין דער זעלדעלען! פון שקאלע געקומען, טוט זי א לייען אין אירע ביכלעך און א שרייב אין די העפטן און עפעס איבערגעכאפּט און גלייך צום טאטן אין ווארשטאט אריין. דארטן כאפּט זי זיך צו צו די ראשפּיילן, צו די קליובעס, צו די שרויף־שליסלען, דרייט און פּיילט און שלייפט און קלאפּט נאכאנאנד. און דעם טאטן ארט דאס ניט. ער שמייכלט נאך צו.

— עס ציט דאס מיידל צום ווארשטאט ניט צו ארבעטן דארט. עס ציט זי צום יינגל, צו דעם לערן־יונג.

— שוין איין מאל א זעלדעלע! און א מבינטע אויף בחורים איז זי. יאסעלע איז דער אמתער יאט: הויך און שיין און קלוג.

— זי איז אויך ניט קיין שפּעטנע מיידל. א ברען פון א מיידל. א קלוגע, אן אויסגעריטענע. א פּאר אויגן אויף צו קאמאנדעווען נאר.

— ער שעמט זיך, דער יינגל, צו קוקן אויף איר.

כאפּט ער ביי דער אַרבעט אַ בליק פון דער זייט צו זעלדעלען. און זי כאַפּט גלייך אויף זיין בליק און צעפּרעגלט זיך פאַר פרייד.

— קינדער! וואָס האָט מען צו זיי! מיר אין זייערע יאָרן זיינען דאָך אויך געווען אַזעלכע ווי זיי.

— ווער זאָגט! חס ושלום!

יאָסל אַרבעט געמאָסטן, באַטראַכט, אָבער ניט פאַרעסירט די אַרבעט אויף קיין איין מינוט ניט. מערניסט פּילן פּילט ער, אַז דאָרטן, אין אַ ווינקעלע, טיף אין האַרצן צעוואַרעמט זיך עפּעס אַ זיס־נאָגנדיקע בענקשאַפט, צעגליט ווי אַ פּייערל פון זעלדעלעס נאָענט זיין לעבן אים, פון אירע ליבלעך־האַרציקע בליקן צו אים.

קיין איין מינוט רוט זי ניט, זעלדעלע ביים פּיילן און שלייפן. און מיטאַמאָל בליצן אויף שמייכלענדיק־ברוגזדיק אירע בליקן צום טאַטן זאַלמענען:

— טאַטע, קוק: יאָסל טוט ניט ווי מען דאַרף! קוק נאָר וואָס ער טוט!

זאַלמען דער קופּערשמיד, דער פּופּציקיאַריקער ייד, מיט די קלוגע האַרציק־שמייכלדיקע אויגן, קוקט זיי אָן ביידן, די קינדער, און זאָגט רואיק:

— עס וועט רעכט זיין אַזוי, ווי ער טוט, טאָכטערל מיינע. און שטער אים ניט.

— לינק און ניט רעכט! — דערווידערט זעלדעלע מיט א ברוגז־אנשטעל.

זאלמען שמייכלט גוטהארציק:

— אז דו ווייסט ניט, טאכטער, יאסלס העגט.

— א נייער אינזשענער! געקומען זאגן דעות! — שמייכלט זיך אפּ יאסל.

— וועל איך זיין אן אינזשענער און וועל זאגן דעות! אט וועסטו זען! איך וועל זיין זעלדע דער אינזשענער! — שפּארט אן זעלדע.

— וועלן מיר זען, אויב מיר וועלן דערזען! — רופט זיך אפּ יאסל.

אויפן בוידעם אין שטוב ביים טאטן ביי זיינעם איז יאסל דער באלעבאס. א טישל האט ער זיך צונויפגע־האקט פון צוויי אלטע קאסטנס, וואס האבן זיך געוואלגערט ערגעץ אין גאס, און צוויי אלטע קערב, דער מאמעס, וואס האבן זיך געוואלגערט אויפן בוידעם, האט ער אויסגעליידיקט פונעם פסחדיקן געשיר, אויס־געקערט מיט די אונטנס ארוף און געמאכט זיי פאר בענקלעך צום זיצן. איינעם פאר זיך און דעם צווייטן פאר זעלדען. קיינער שטערט אים ניט דא. די מאמע קלעטערט ניט אהערצו. אויף אירע קראנקע פיס גייט זי קוים אום, און דער טאטע איז א דארפגייער. די גאנצע וואך גייט ער ארום איבער די דערפער מיט א פעקל גלינטעריי אויף דער פלייצע, און אהיים קומט

דער טאטע יעדן פרייטיק נאך האלבן טאג. קוקט דער טאטע, קיינמאל ניט אריין צום בוידעם. א פלעשעלע נאפט מיט א קנויטל שטייט אים צום טישעלע דא. יאסל צינדט אים יעדן אוונט, ווען ער קומט פון דער ארבעט אהיים און נעמט זיך לייענען זיינע ביכלעך איבער לופט־מאשינען און מאטארן צו זיי. זיינע געדאנקען און פלענער כאוועט ער דא, יאסל, אויף צו שאפן נייע מאדערנע מאטארן אויף צו פליען ווייט, זייער ווייט.

זעלדעלען דערציילט ער גארנישט פון אט די פלענער זיינע. זי וועט זיך אויסלאכן פון אים. זעלדעלע, ווען זי קלעטערט ארויף צו אים אויפן בוידעם, זעט זי מערנישט די ביכלעך זיינע ליגן צום טיש. זי הערט צו, ווי עס ווארקען די טויבן אין זייערע נעסטן דא אויפן בוידעם ביי אים. יאסל האט ליב די טויבן פאר זייער פליען ווייט און פאר זייער ווארקען. אלע פויגל האט ער ליב, וואס פליען הויך און ווייט, און ווייל זיי זיינען פריי ביי זיך. פארטראכט, און גענומען און אוועקגעפלויגן, ניט ווי די מענטשן אויף דער ערד.

— ווען א מענטש האט פליגל, — טראכט יאסל, — וואלט ער אויך געווען פריי ווי א פויגל. אט פליען שוין מענטשן. מען דארף מערנישט שאפן גוטע מאטארן. צום פליען.

דאס שטילע ווארקען פון די טויבן אין די נעסטן בארואיקט זיין פליעריש געמיט.

— זיצן זיך די פויגל אין זייערע נעסטן נאך א גאנצן טאג ארומפליען און כאווען דא זייערע עופהלעך און ווארקען צו זיי וויג־לידער.

— דיינע טויבן, יאסל, זיינען אט ווי מאמעס מיט קינדערלעך. — זאגט צו אים זעלדעלע, ווען זי קומט ארוף אויפן בוידעם.

— זעלדעלע! דו וואלסט זיך געווונטשן א פרייער פויגל צו זיין? — פרעגט זי יאסל.

— יא, יאסל! — ענטפערט זעלדעלע שטיל. און א ווײַלינקע געטראכט, זאגט זי:

— א פרייער פויגל און אין א נעסט צו וווינען, אט ווי די טויבן דיינע.

— זעלדעלע! — רופט זיך אפ יאסל נאך א ווײַלע שווייגן. — איך פרעסיר די ארבעט ביי דיין טאטן אין ווארשטאט. איך גיי ארבעטן ביי די מיליטערישע רעמאנט־ווארשטאטן אויפן אעראדראם.

— און איך וועל בלייבן איינע אליין מיטן טאטן אין ווארשטאט? — פרעגט זעלדעלע האלב באליידיקט.

— זעלדעלע! — בארואיקט זי יאסל. — וועסט קומען צו מיר אט ווי איצט, אווינטצייט.

— אוונטצייט! — דערווידערט זי ברוגזלעך. — איך וויל א גאנצן טאג קומען צו דיר.

— דארטן, זעלדעלע, אין די ווארשטאטן, צאלט מען בעסער, און די ארבעט געפעלט מיר זייערע. זיי רעמאנטירן אוויא־מאטארן. זיי זוכן שלאסערס אויפ־צונעמען צו דער ארבעט.

— דו ביסט ניט קיין קאמסאמאלעץ, און א ייד ביסטו, יאסל. וועלן זיי דיך ניט נעמען צו דער ארבעט.

— זעלדעלע! יא, איך בין ניט קיין קאמסאמאלעץ. איך קאן ניט ארומגיין מיט ליגנס און פאלשקייט אין מיין קאפ און אין מיין הארצן. דאס זאג איך דיר, און צווישן אונדז זאל דאס בלייבן. איך קען ניט טראכטן אזוי ווי מען הייסט מיר, איך קען ניט ריידן דאס, וואס מען הייסט מיר, איך קען ניט טראגן קיין לעדלעך איבער מיינע אויגן און ניט אנקוקן דאס פארבאטענע. איך קען ניט רעוועז קיין ווילדע לידער ביי די פענצטער פון דער שול צו כל נדרי. איך קען ניט זיין קיין שקלאף, זעלדעלע!

—יאסל, ליבינקער! און ווען מען פרעגט דיך וועגן דעם אלעם?..

— וועל איך זאגן, אז איך בין א סאוועטישער ארבעטער, און שוין. און מיין טאטע איז אן ארעמאן אין זיבן פאלעס.

— יא, מיר דארפן שלאסערס. — רופט זיך אפ דער מעכאניקער פון די מיליטערישע רעמאנט־ווארר־

שטאטן. — מיר דארפן שלאסערס פון פינפטן און זעקסטן שיכט. און דו זעסט מיר אויס נאך גאר יונג פאר א גוטן שלאסער צו זיין. אינגאנצן זעכצן יאר ביסטו אלט. און אויסער דעם... ווי רופט מען דיך?

— יוסף ליבערמאן. — רופט זיך אפ יאסל און קוקט אין פנים אריין דעם מעכאניקער.

— אט זעסטו, יוסף ליבערמאן... — — בלייבט דער מעכאניקער א ווײלע טראכטן, גלייך ער דארף דערליידיקן א הארבן ענין ביז גאר. — איז אט וואס, יוסף ליבערמאן: וועסט האלטן פראבע ביי אונדז. אט האסטו דיר ניט קיין באארבעטע דעטאל און א צייכענונג האסטו דערביי. אט איז דיין ווערקשטעל. נעם זיך אינסטרומענטן און באווייז וואס דו קענסט. צוויי שעה האסטו דערויף צו מאכן פארטיק דאס שטיקל ארבעט.

ביי דעם ווערקשטעל האט יאסל באטראכט די צייכענונג און די דעטאל, געלאזט גיין דעם טאקער־שטול, דעם שלייף־שטול און געשטעלט זיך ארבעטן. פונדערווייטנס האט אים נאכגעקוקט דער מעכאניקער, געשאקלט מיטן קאפ און שטיל געמורמלט:

— אזוי יונג, און א פארטיקער שלאסער!

יאסל דערלאנגט די פארטיקע דעטאל פאר דער צייט. מעסט זי אויס דער מעכאניקער, שאקלט מיטן קאפ און פרעגט:

— און בראנפן טרינקסטו, ליבערמאן ? א קאמסא־מאלעץ ביסטו ?

— אן ערלעכער סאוועטישער ארבעטער בין איך.

— רופט זיך אפ יאסל ניט געענטפערט אויף די פראגן.

— שטעל זיך ארבעטן ביי אונדז, ליבערמאן.

זוניקע געשאנקענע הארסטיקע טעג.

דורך דעם קליינעם פענצטערל אין דאך קוקט די זון אריין אין בוידעם צו יאסלען און ווארעמט מוטערלעך־הארציק אויגן און באקן ביי יאסלען און ביי זעלדעלען. קומט צו יאסלען זעלדעלעס שטילער אומרו און די כמארע אין אירע אויגן. קוקט ער, יאסל, פארשנדיק צו איר און ער ווארט אויס די מינוטן, ווען זי וועט אים דערציילן פון זיך, פון איר כמארעווען זיך.

— יאסעלע ! — זאגט זי שטיל־טרויעריק. — איך צעשייד זיך מיט דיר.

נאך א שווייגן, גלייך ער וויל זיך קלעמען זיין גערודער און זיך באדאכטן מיט אן ענטפער, פרעגט יאסל :

—וווהין גייסטו אוועק, זעלדעלע ? מיט וועמען ? צו וועמען ? האסט זיך א שענערן, א בעסערן געפונען פון מיר ?

שטעלט זי זיך אויף פון איר בענקל, זעלדעלע, פאלט אויפן האלדז צו יאסלען און גורעט איר פנים אין יאסלס ברוסט.

— ניין, יאסעלע, ניין! — רופט זיך אפ זעלדעלע געריירט. — ביסט מיר דער שענסטער און דער בעסטער! איך פאר אין שטאט האלטן קאנקורס אויף אנצוקומען אין פאליטעכניקום. א ראדיא־אינזשענער וויל איך זיין. פינף יאר וועט עס נעמען ביי מיר. דו האסט צוויי יאר ביז מיליטער און דריי יאר מיליטער. וועלן מיר זיך טרעפן אין פינף יאר ארום, און ווען מיר בלייבן געטריי איינער דעם אנדערן, זיינען מיר ביז אונדזער לעבן אינאיינעם, איין גוף און איין נשמה.

— זעלדעלע! — רופט יאסל מיט הארץ. — פינף יאר זאלן הערצער בלייבן ארומגיין פארגליווערט און געקלעמט, און פליגל ביי פויגל געפענטעט זאלן זיין גאנצינקע פינף יאר? און פוסטעווען זאלן פויגלשע נעסטן? און ניט ווארקען עס זאלן טויבן די מאמעס?

— יאסעלע! פינף יאר וועלן פויגל אין דער שטיל רופן איינער דעם אנדערן און זיך ניט אפרופן צו אנדערע פויגל, וואס וועלן זיי רופן צו זיך, ווען אפילו הויך אויפן קול צו פליען מיט זיי און נעסטן צו בויען אינאיינעם. דעמאלט וועלן זיך פליגל צעפענטען אונדזערע, און הערצער וועלן זיך צעגליען אונדזערע.

און קוים געקומען מיט איר געדאנק צו א שטיל־שווייגן, א שווער־דויערנדיקן, זאגט זי:

— יאסעלע! קום ארויס אין דרויסן. עס קלעמט מיר דאס הארץ, און ענגלעך איז מיר דא היינט. אפכאפן אטעם וויל איך.

זיי אנטקעגן האבן זיך צעטראגן אין דעם טונקל־בלויען הימל כוואליעס רופנדיקע, מונטערע פויגלשע שטימען, געצויגן און זיך דערווייטערט צום דרום צו.

— אזעלכע פויגל וועלן אונדז רופן, יאסעלע, צו פליען מיט זיי. — זאגט זעלדעלע, געהויבן דעם קאפ צו די פליענדיקע בושלען. — קאן זיין, אז מיר וועלן זיך לאזן פליען מיט זיי. קאן זיין, אז עס וועט איינער פון אונדז ביים דערמונטערטן מיטפלי זיך פארגעסן אינעם אנדערן און אוועק צו אן אנדער פויגל און מיט אים בויען א נעסט.

א ווײַלע דערנאך זאגט זי ווידער:

— יאסעלע! איך וויל און איך טרוים, אז אין פינף יאר ארום זאלן מיר ביידע, איך און דו, פליען אינ־איינעם וווהין אונדזער הארץ וועט אונדז טראגן.

א הארצרייסנדיקע פויגלשע שטים האט פלוצלונג אויפגעפלאצט אינלופטן איבער זייערע קעפ. שניידנדיק די לופט מיטן גוף, פאלט א בושל אראפ, צעשפרייט איין פליגל און דעם צווייטן פליגל הענגען געלאזן.

ביים ברעג זומפ איז דער בושל ליגן געבליבן. זיך

געמיט האט ער, שרייענדיק און רופנדיק, און זיך אנגעשפארט אויף איין פליגל, זיך אויפצושטעלן, זיך אויפגעהויבן קוים און געפאלן צוריק, געצאפלט מיטן גוף, פארווארפן דעם קאפ אומבאהאלפן, און געשריען און געראפן.

— זעלדעלע! איך לויף אים ראטעווען!

יאסל קומט צוריק מיט דעם בושל אויף די הענט. ער גלעט דעם בושל, צעלייגט אים דעם צעשעדיקטן פליגל צום ארט.

— איך וויל אים נעמען צו זיך אויפן בוידעם און היילן זיין פליגל. א פרייען פויגל דארף מען ארויס־העלפן פליען, זעלדעלע.

זעלדעלעס ווארעמע אויגן און הארץ האבן איינגע־שלונגען יאסלס ווערטער און דערווארעמט געווארן פון זיי.

*

עמעצנס א ווארעמע האנט איז איינמאל צוגעפאלן צו יאסלס פלייצע ארום זיין האלדז און איז ליגן געבליבן א ווײַלע. דער צעך איז אויסגעליידיקט פון מענטשן. ארבעטער זיינען אוועק עסן ווארעמס. איינ־געשטילט זיינען מאשינען. יאסל האט זיך געפארעט ביי זיין ווערקשטעל צוליב עפעס א דעטאל, וואס האט זיך ניט געלאזט מאכן ווי געהעריק. א קער אויס

געטאָן דעם קאָפּ, דערזעט יאָסל לעבן זיך דעם אינזשענער־קאָנסטרוקטאָר אבראַם אָסיפּאָוויטש קושניר. יאָסלס אַ צופרידן שמייכעלע קומט אַנטקעגן דעם אינזשענער.

— לעבן דיר בלייב איך שטיין זעלטן, יוסף. — זאָגט ער. — איך ווייס דיין אַרבעט. אַלץ, וואָס עס קומט אַרויס פון דיינע הענט, דאַרף מען ניט קאָנטראָלירן.

דער אינזשענער קושניר רעדט אַ פּליסיקן ייִדיש, אַ געבאָרענעם ייִדיש, אַט ווי יאָסל אַליין, אַ ליטווישן ייִדיש. און פון ייִדישע פּעדים וועבט זיך אויס באַלד אַ בריקעלע פון האַרץ און צו האַרץ. איבער אַזאַ בריקעלע שוועבן אַדורך געדאַנקען און געפילן, ניט געהאַמעוועטע פון פאַרדאַכט. און אַליין דער אינזשע־נער איז אים צום האַרצן, יאָסלען, מיט זיינע אָפּנ־האַרציקע אויגן מיט אַ שפּליטערל שמייכל אין זיי. יאָסלען געפעלט דער וווקסיק־ברייטפּלייציקער געבוי מיט דעם דערהויבענעם קאָפּ, געצייגט אויף אַהינטער. עס געפעלן יאָסלען די גראָבע האַרעפּאַשנע דלאָניעס. ווען ער באַגריסט זיך, דער אינזשענער.

— הער זיך איין, בראַטאַק, וואָס איך וועל דיר זאָגן. — רופט ער זיך אָפּ צו יאָסלען. — פאַר אַלעמען אין די אויגן זיינען מיר דאָ ביידע מיליטער־לייט, איך — דער אינזשענער־פּאָלקאָווניק און דו דער סאָלדאַט, און אויסער דעם צעך זיינען מיר ביידע, איך און דו,

יידן און חברים, דו — יאסל, און איך — אברהם, און פאסיקער געזאגט, אברעמל. און אינגאנצן זיינען מיר דא איך און דו און מיר באנאנד. איך האב דיר צו זאגן עטלעכע זאכן, וואס ניט דער צעך איז דאס ארט פאר דעם. קום היינט צו מיר אהיים. לופטערן וויל איך מיט דיר אינאיינעם מיינע געדאנקען און מיינע איבערלעבענישן.

— אבער, חבר פאלקאווניק! ווי קום איך צו אייך? איר זייט דער געלערנטער מאן, און איך בין דער פראסטער יידישער ארבעטער, דער געמיינער עמך בין איך.

— אט טאקע דיך דארף איך האבן אום לעבן. דו, דער פאלקס־מענטש דער היינטיקער, וואס שטעקט מיט די ווארצלען אינעם יידישן פאלק...

דער אינזשענער קוקט זיך אום און פארהאקט זיך גלייך.

— מענטשן גייען אהערצו. איך ווארט דיך צו מיר.
— האט ער זיך אנגעכאפט און איז פארשוואונדן געווארן.
איין גרויסן צימער מיט א קיך באזיצט דער אינזשענער קושניר, און איינער אליין וווינט ער אין אים. אלץ איז באשיידן דא: א מיליטעריש בעטל, פון עטלעכע ברעטלעך א שרייבטישל צונויפגעקלאפט, ביכער־פאליצעס ביי די ווענט מיט ביכער באלאדן,

און עטלעכע בענקלעך־טאבורעטן. א מין צייטווייליקייט לאזט זיך פילן אין צימער.

— זיץ, יאסל! — בעט אים דער גאסטגעבער. — אט דאס איז מיין גאנצע דירה, ווי דו זעסט. און גלייך צו דער זאך וויל איך ריידן מיט דיר. דאס ערשטע איז: אין אונדזער פילאטן־שול נעמט מען אויף נייע צוהערער פון אונדזער מיליטער־איינהייט. איך לייג דיר פאר און איך ראט דיר אנצוקומען אהין לערנען זיך אויף א פליער צו זיין.

— חבר פאלקאווניק! מען וועט מיך ניט נעמען אין דער שול, ווייל א ייד בין איך.

— מען וועט דיך יא נעמען. איך האב גערעדט וועגן דיר מיט דעם קאמאנדיר. א מייסטער פון מאטארן, ווי דו ביסט, דארף קענען פליען און באהערשן דעם עראפלאן. א פרייער צוהערער וועסטו זיין אין דער שול. קיין דיפלאם וועט מען דיר ניט געבן, אבער פליען וועסטו קענען, און גוט פליען.

— און דאס צווייטע, יאסל, איז... ווי זאל איך דאס דיר זאגן... עס פעלט מיר עפעס, יאסל... עס איז מיר ניט גענוג מיין ארבעט און מיין ראנג און מיין פאסטן. וואכעדיק איז מיר דאס אלץ. דאס הארץ מיינע איז ליידיק און קאלט. אינאיינעם מיט מיינע קינדער־יארן און יינגל־יארן איז אוועק פון מיר די פרייד פון מיין יידיש הארץ, פון טאטע־מאמעס יידישער

שטוב, פון אויסלעבן זיך מיט יידן אינאיינעם און אפילו ליידן נויט מיט יידן אינאיינעם. איך האב אנגעווארן דאס יידישע פאלק ביי מיין ווייטערדיקן לעבנס־גאנג. איינמאל האט זיך מיר געדוכט, אז איך קען זיך באגיין אן א פאלק אדער בלייבן זיצן ביי דעם רוסישן קולטור־טיש. און ניט נאר דערפאר, וואס מ׳צן האט מיר געוויזן אויף דער טיר פון דער רוסישער קולטור, — מיר אליין איז דארט קאלט און פרעמד

און צוליב באטאנען זיין געדאנק זאגט ער געהאקט די ווערטער:

— איך זוך צוריק מיין יידיש פאלק! איך זוך די יידישע ברידערלעכקייט, די יידישע הארציקייט! איך זוך צו דערווארעמען מיין נשמה!

און נאך א ווײַלע שווערן אויסדויער זאגט ער ווידער:

— איך וויל זיין צווישן יידן און מיט יידן. איך וויל הערן און ריידן א יידישווארט און זאל זיין אפילו געזאפט מיט יידיש געוויין. אט דאס פעלט מיר! אט דאס גייט מיר אפ!

— מיך מאנגלט ניט אייער מאנגל, חבר פאלקאוויק. איך בין אלע מיינע יארן און טעג מיט יידן אין שטעטל געוועז, און נויט און פיין און ארעמקייט האט אונדז אלעמען גלייך געקלעקט. און וואס שייך מיט יידן אינאיינעם צו זיין, איז שוין באלד דאס שטעטל

אונדזערע אויס שטעטל געווארן. נאך פאר דער מלחמה זיינען זיך יידן צעלאפן זוכן זיך ארבעט און א שטיקל ברויט. איצט, נאכן גרויסן חורבן, האבן זיך רעשטלעך יידן צוריקגעקערט צו זייערע חורבות או לעבן זיך אויס אין נויט און אין הונגער. איך טראכט היינט ניט וועגן יידישע לידער און געזאנג, איך טראכט וועגן וואס ווייטער וועט זיין מיט יידן אין סאוועטנפארבאנד.

אט וועגן וואס איך טראכט. איך טראכט וועגן דער פיינטשאפט פון דער מאכט און דעם רוסישן פאלק צו אונדז. און טראכטנדיק פרעג איך זיך אליין: ווו איז דער וועג און ווו איז דער אויסוועג פאר יידן? וועגן יידישע לידער טראכט איך ניט, חבר פאלקאווניק. היינט זינגט זיך מיר גארניט.

— יאסל! — פרעגט דער פאלקאווניק נאך א לאנגן שווייגן. —

— האסט געהערט וועגן יידישן לאנד ישראל?

— געהערט פון ראדיא, חבר פאלקאווניק. געהערט פון א דור חלוצים, אידעאליסטן, וואס האבן געבראכט צו נאמינירן דאס יידישע לאנד פאר דער גארער וועלט, וואס האבן מיט זייער בלוט באשיצט דאס לאנד, וואס האבן פון זומפן געשאפן בליענדיקע פעלדער, וואס האבן א נייע געזעלשאפט געשאפן פון קיבוצים, איך האב געהערט פון העכער א מיליאן געראטעוועטע

יידן, וואס דאס לאנד האט אריינגענומען צו זיך, איך האב געהערט פון בילדונג, וואס דאס לאנד האט דערהויבן ביי זיך, איך האב געהערט פון דעם גרויסן נאמען, וואס דאס לאנד האט געריפן אין יידישע הערצער אויף דער גארער וועלט. דאס האב איך אלץ געהערט, און מיין הארץ האט געפרייט. און לעצטנס האב איך געהערט פון א צווייטן דור, וואס איז אויפגעשטאנען אין דעם יידישן לאנד, א דור א פארקערטן, א דור עגאאיסטן, א דור צוליבזיך לייט, און ניט צוליבן יידישן לאנד און ניט צוליבן יידישן פאלק, א דור פירער, וואס פארראט דאס לאנד אין שלאכטן, א דור רויבער באנקירן, פאבריקאנטן, קרעמער, דאקטוירים, טעכניקער, א דור אדמיניסטרא־טארן־כאבארניקעס. איך האב געהערט פון א הונדערט טויזנט יידן, פארפאלגטע אין רוסלאנד און באפליגלטע פון אנקומען אין יידישן לאנד. איך האב געהערט פון דער ברוטאלער פיינטשאפט מצד די מלוכה־לייט צו נייגעקומענע, פון אדמיניסטראטיווע און מאראלישע דער־נידעריקונגען קעגן די נייגעקומענע און איבער זייערע הייליקסטע געפילן און באגערן צו לעבן און צו שאפן אינעם אייגענעם יידישן לאנד. דאס אלץ האט געטאן דער איצטיקער דור פירער פון דעם יידישן לאנד. הייסט עס, אז מיר, די דריי מיליאן יידן אין ראטנפארבאנד, האבן שוין מער ניט צו טראכטן אפילו

וועגן דעם יידישן לאנד. פון גוישער פיינטשאפט אריינ־
פאלן צו יידישער פיינטשאפט . . .

— און דאך. — האקט אים איבער דער פאלקאווניק קושניר. — א יידיש לאנד איז ניט קיין גויש לאנד, און יידן זיינען ניט קיין גוים. און דאס, וואס היינט איז שלעכט, קען מארגן געענדערט ווערן. געדענקען דארף מען, אז אין רוסלאנד האבן יידן ניט וואס צו פארהאפן אויף א מענטשלעך־יידישן לעבן. דארפן מיר קומען קיין ישראל און דארטן ענדערן אלץ. און צוערשט וואס מיר דארפן ביים קומען: פאראייגענען צום הארצן דארפן מיר דאס יידישע לאנד, פארהיימען דאס לאנד צו א היימלאנד. אין דער אייגענער היים קיין פרעמדע ניט זיין. און ווען נייטיק איז, מקריב זיין זיך פאר דער היים.

— איינשטעלן דאס לעבן צוליב אייגנלייביקע אומ־ווערדיקע כאבארנע אונטערדריקערס און צוליב רויבער פון פארשיידענער הויט ?... קומען קיין ישראל און רעוואלוציעס מאכן דארט ? זאלן זיי אליין מאכן רעוואלוציעס ביי זיך. מיר האבן זיך שוין באמאכט מיט רעוואלוציעס. גענוג !

— האסט עפעס אנדערס, יאסל ? האסט א בעסערן אויסוועג ? — פרעגט פארשנדיק־באזארגט דער פאל־קאווניק .

— אט דא ליגט דאך דער בראך, וואס קיין אויסוועג איז ניטא. — ענטפערט טרויעריק יאסל.

*

יעדע דריי חדשים קומט אן א בריוועלע:

"יאסעלע! איך לעב און איך וויל לעבן. איך טראכט וועגן דעם בוידעם, ווו עס ווינט א מענטש ביי די פויגל, וואס וואָרקען דארט אין זייערע נעסטן. איך טראכט וועגן א מענטשן, וואס טרוימט צו פליען הויך און ווייט.

זעלדע"

יעדע דריי חדשים ווערט אפגעשריבן א בריוועלע:

"זעלדעלע! איך לעב און איך וויל לעבן. און איך טראכט צו פליען הויך און ווייט צוזאמען מיט איינער, וואס וועט וועלן פליען מיט מיר.

יאסל".

מילא בייטאג ביים גערודער און שפאן פון מאשינען אין צעך איז ניט שייך צו טראכטן וועגן עמעצן וואס. טראכטענישן שלייכן צו יאסלען אריין, ווען ער קלעטערט צו זיך אויפן בוידעם ארויף, צינדט אן דעם קנויטעלע און זעצט זיך צום טישל צו, דעם קאפ אנגעשפארט צו די עלנבויגנס. עס וואָרקען די טויבן אין זייערע נעסטן. דעם בושלס נעסט איז שוין לאנג-

לאנג ליידיק געבליבן. א ווינטער א גאנצן האט אים יאסל געהיילט דעם צעשעדיקטן פליגל, און פרילינג־צייט, ווען דער בושל האט דערהערט די ווייטע פריידיק־רופנדיקע געהילכן פון אנקומענדיקע בושלען, האט ער זיך מיטאמאל א הייב אויף געטאן פון זיין נעסט, זיך צעהילכט מיט אן ענטפער־גערוף צו זיינע לייבלעכע ברידער און שוועסטער, זיך א לאז געטאן צו דער שפארונע אין דאך, צעבראכן זי, זיך אדורכ־געריסן צו דער פריי, זיך צעהילכט אויפן קול, צעשפרייט די פליגל און אוועקגעפלויגן צו זיינע. יאסל האט אים נאכגעקוקט און מקנא געווען. א פרייער פויגל, וואס קאן פליען וווהין ער וויל.

געדאנקען און זעאונגען און ווארעמע הארץ־שטראמען קומען אויף און בלייבן שטיין און שוועבן אוועק אין ערגעץ ווייט. זעלדעלע פארהאלט זיך לענגער לעבן אים. זי און ער, יאסל, קומען אפ ביידע מיט עטלעכע מאגערע בריוולעך איינער צום צווייטן. צוליב דערמאנען, אז מען לעבט אויף דער וועלט. און מען טראכט איינער פונעם אנדערן. און דאס גאר. דאס הארץ נאגט אים. ווער ווייסט... זי, די שיינע, די געראטענע, די סטודענטין, האט זיך א בעסערן פון אים געפונען, א געבילדעטן, א שיינעם. און וואס איז ער, יאסל? א פראסטער יידישער ארבעטער, וואס האט קוים א מיטלשול געענדיקט, און ער כאפט ניט

קיין שטערן פון הימל. און טאקע ווי קומט ער צו איר ? און ווען גוט באטראכטן זאל מען. מערנישט דאס הארץ גייט אים אויס נאך איר. אויף זיין הארצן געבאקט האט זי זיך אים. קארג איז מיידלעך אין שטעטל, שיינע און ווילע, און צו איר איז קיין גלייכן ניטא. און קומען צו א תכלית מיט איר איז דאך סייווי ניט די צייט. עס איז דאך מיליטער, און ער דער סאלדאט. און דערנאך, נאך דער דינסט, וועט מען זען.

*

אין די געציילטע פרייע מינוטן צווישן די לעקציעס, צווישן פארשיידנקאליריקע קעפ און אויגן און אין טומל פון פארשיידנ-הילכיקע יונגע שטימען, אין די געציילטע שעהען, ווען עס בלייבט זיצן אויף דער באנק לעבן איר ביי דער לעקציע דער אלצאיינער רוסישער סטודענט מיט דעם שטרוי-בלאנדן קאפ און מיט די געלבלעכע וויעס איבער די בלא-וואסערלעכע אויגן זיינע און ער לאזט זי ניט אוועק פון זיינע בליקן צו איר, אין די מינוטן, ווען עס שמייכלען צו איר יידישע סטודענטן, שווארצחנעוודיקע, מיט טיפע, הארציקע אויגן, אין די מינוטן, ווען עס כאפן זי אויף צום טאנץ און קאראהאד ווויליונגערישע קרעפטיקע הענט, אין די טרוימערישע, פרילינגדיק-צעבליטע, דופטיקע אוונטן און נאגנדיק-בענקענדיקע שלאפלאזע

נעכט אין איר מיידלשן צימער מיט צוויי חברטעס סטודענטינס אינאיינעם אין דעם סטודענטישן צוזאמענ־הויז, — אין די מינוטן, שעהען און נעכט קומען צו איר צו שוועבן פונדעווייטנס נאענטע זעאונגען פון דעם בוידעם מיט דעם טויבן־שלאק, פון דעם יידישן בחור מיט דער שטילער הארציקער שטים, מיט די גרויסע אויפריכטיקע, שולדיקע אויגן, גלייך זיי זיינען עפעס באגאנגען א זינד און זיי האלטן זיך פאר שולדיקע, דער שלאנקער בחור מיטן שווארצן קאפ האר. קומט ער צו איר פאר איר געלעגער צוקאפנס, און ער גלעט מיט זיין דלאניע איר קאפ און דערוואגט זיך ניט צו קושן זי און צו האלדזן זי און ארומכאפן זי אין זיינע ארעמס און אוועקפליען מיט איר אינ־איינעם ערגעץ ווייט. און הויך, ווי די פויגל פליען.

און ווען ביים העלנדיקן טאג טוט א צאפל איר לייב און הייבט זי פונעם לייכטן דרעמל ארויס, פרעגט זי זיך אליין, א מידע פון טראכטן:

— איז ער דען טאקע אזוי שיין, דער ווייט־ווייטער בחור פונעם בוידעם פון זיינעם? איז ער דען קלוג און טיף אין געדאנק ווי אנדערע דא, די חברים סטודענטן אירע? א פראסטער יידישער בחור איז ער, דעם טאטנס א לערן־ייגגל געוועז.

לעקציעס, לאבאראטאריעס, עקזאמענס. און אינ־צווישן — הארץ און טרוים.

הייבן זיך אעראפלאנען צום פרוביר־פלי ארוף, און מאטארן קאנטראלירטע פונעם מאטארן־מייסטער ולאסאוו, קרייזן ארום עטלעכע מאל דעם אעראדראם און זיי שטייגן אראפ אויף צוריק.

— ביי אזא קאנטראל וועלן מיר ניט פליען. — דערווידערן די פילאטן.

— ווען דער יידישער מייסטער וועט קאנטראלירן, דעמאלט פליען מיר.

אין א זייט פונדערווייטנס דא גופא אין צעך זיינען שטיין געבליבן צווייען: דער קאמאנדיר פון אעראדראם און דער שעף פונעם צעך. ביידע קוקן נאך דעם יידישן מייסטער יוסף ליבערמאן, וואס ארבעט ביי די מאטארן. קוקן זיי און זעען: צוגעפאלן איז דער מייסטער צום שפאנענדיקן מאטאר און הערט אים זיין גאנג, זיך אפגעכאפט א רגע, א שרויף געטאן ערגעץ אין אים און ווידער געלאזן גיין און ווידער צוגעפאלן און צוגעהערט זיך. אזוי לאנג האלט אן דאס שרויפן און הערן דעם מאטאר, ביז דער מייסטער שטילט דעם מאטאר. א שמייכעלע צעגלעט זיינע שווייסיקע באקן. אין די שווארצע אויגן צעגליט זיך א פרייד. דער מייסטער כאפט צום האנט א בוימל־רערל און איילט זארגעוודיק אלע ליקן פונעם מאטאר. דערנאך כאפט דער מייסטער א ווייכע שמאטע צום האנט און ער

ווישט און ער גלעט דעם מאטאר, קערט זיך אפ, באקוקט אים פון דער זייט און גלעט אים ווידער.
כאפט אן דער קאמאנדיר דעם שעף פארן ארבל.
— קוק זיך איין! קוק זיך איין! ווי א דאקטער! ווי א מאמע איר קינד! אט דאס איז א מייסטער!
— גאלדענע הענט! — זאגט אים נאך דער שעף.

— ווען ניט א ייד איז ער... — האט צוגעשאקלט מיטן קאפ דער קאמאנדיר. און גלייך זיך געכאפט אין עפעס, גיט ער אן:

— און אין פילאטן־שול איז ער אויך איינער פון די בעסטע, אויב ניט דער בעסטער. אויפמערקזאם, ארבעטסזאם, דערפינדעריש, אפעראטיוו. נעמט אויף און ברענגט צום לעבן און גלייך יעדן נייעם געדאנק. דער צווייטער ייד, דער קאנסטרוקטאר, איז ענלעך צו אים.
און געטראכט א ווײַלע, זאגט ער:
— מיר, די רוסן, זיינען שטארק מיטן רוקן, און זיי, די יידן, זיינען שטארק מיט זייער קאפ און ענערגיע. שוין איצט באהערשן זיי אונדז, און דערנאך וועלן זיי אונדז טרייבן אין זייער שפאן.

— באפרייען זיך דארף מען פון זיי, חבר קאמאנדיר.
— זאגט דער שעף פון צעך. — פארטרייבן זיי דארף מען, ווען ניט, פארטרייבן זיי אונדז.

— ביסט געראכט, שעף. ביסט געראכט! — האט צוגעשטימט דער קאמאנדיר.

— און בעסער פריער, ווי שפעטער דארף מען עס טאן.

צום פייערלעכן שלוס פון דער פילאטן־שול רופט צונויף דער קאמאנדיר די נייע פילאטן. ער באגריסט זיי און צווישן אנדערן זאגט ער צו זיי ביטערלעך:

— איר האט זיך אלע געלערנט, אבער ניט אלע האבן זיך גוט געלערנט. אט איז... — ער פארהאקט זיך מיטאמאל, דער קאמאנדיר, און זאגט:

— סאלדאט יוסף ליבערמאן! דו ביסט פריי! דו קענסט פארלאזן אונדזער פארזאמלונג!

און ווען יאסל, א נידערדריקטער, א צעטראטענער פאר אלעמען אין די אויגן, האט מיט א געבויגענעם קאפ פארלאזן דעם זאל און שטיל געשלאסן אהינטער זיך די טיר, איז ער א ווײַלע שטיין געבליבן אויף צו באזינען דאס פארטרייבן אים פון דעם פייערלעכן שלוס־אוונט. „איז ער, יאסל, עפעס באגאנגען א פארברעך? האט ער זיך דען שלעכט געלערנט? האט ער דען שלעכט געארנעט ביי די מאטארן? איז פאר־וואס קומט אים עפנטלעך באליידיקט צו ווערן?"

די אנגעשפארטע געדאנקען זיינע צעשלאגט דעם קאמאנדירס צערודערט־צערעוועטער קול:

— א רוח אין אייער מאמעס לייב ארייַן, סאוועטישע

פילאטן! אט קוקט: אט דער ייד, וואס מיר האבן אים אקארשט פארטריבן און מיר גיבן אים קיין פליער־דיפלאם ניט, ווייל ער איז א ייד, האט ביים לערנען זיך ארויסגעוויזן גרויס אינטערעס צום פילאטאזש, אויפמערקזאמקייט און אפגעגעבנקייט צו די לעקציעס, פיל געארבעט איבער די לעקציעס און דאס אלץ ביי זיין שווערער און פאראנטווארטלעכער ארבעט איבער די מאטארן. אפלערנען זיך דארף מען אפילו פון א יידן, א קלוגן און א פעאיקן. און מעג זיין אפילו פון א פרעמדן פון אזא איינעם, וואס מיר האלטן אים דא דערווייל ביז א צייט, ביז מיר דארפן אים האבן.

הערט דאס אלץ יאסל הינטער דער טיר. איבערן קאפ און איבערן הארצן האבן אים א זעץ געטאן דעם קאמאנדירס רייד. א צערודער געטאן און א צארן געטאן דאס בלוט. יאסל באהערשט קוים די צעריסענע געדאנקען זיינע: "זאלן דעם קאמאנדירס רייד זיינע אייגענע זיין אדער זיין מויל האט ארויס־געבראכט אויף דער צונג דאס, וואס עס ליגט אויף דער לונג ביי דער קאמוניסטישער פארטיי, ביי דער סאוועטנמאכט און ביי דעם רוסישן פאלק: א ייד איז א פרעמדער אין רוסלאנד! און מעג ער, דער ייד, זיין אפילו א נוצלעכער מענטש, וועט מען אים האלטן ביז מען דארף אים האבן און דערנאך פארטרייבט מען אים".

א צעקאכטער, א צעצאפלטער פון צארן, קערט זיך יאסל צו זיינע מאטארן אין צעך. שטיין געבליבן מיט דעם געקלעמטן שרויף־שליסל צום האנט, א ווײַלע געבלאנדזעט האבן די בליקן זיינע אריבער די מאטארן אין ערגעץ אריין, טוט ער א שליידער דעם שליסל צו דער ערד, א דריי מיטן קאפ אויף ניט און א ריס פון זיין הארצן ארויס:

— אנטלויפן דארף מען פונדאנען! אהין, ווו דער ייד איז א מענטש! און ניט ווארטן, ביז מען וועט דיך פארטרייבן!

*

קוים צעפרילינגט איז הימל און ערד מיט א העלער לויטערער בלויקייט פון אויבן, מיט שווארצע גרויסע פריש־דעמפיקע ערדישע אויגן פון אונטער דעם טונקל־שנייאיקן צודעק פון ווינטער. הויל־נאקעטע בעראזקעלעך, בעזן און אנדערע בוימווארג ווארטן שטיל און באשיידן ארויס אויף יונגע זוניקע שטראלן, אויף צארטע און ווארעמע קושן, אז באפרוכפערט זאלן ווערן קנאספן מיט זאפט מיט לייבלעכן און אנקוועלן זאלן זיי, די קנאספן. און גלייכצייטיקווארט ארויס דאס נאקעטע בוימווארג אויף פרילינגדיקן גרין־יומטובדיקן אנטאן אויף צו באפוצן דאס לייב אנטקעגן דער פרילינג־שמחה, וואס קומט אן צו זיי.

אויף יאסלס שוסטער־געסל האבן זיך צעמורמלט די בארג־אראפּיקע מוטנע וואסער־שטראמעלעך, גע־פלעכטלטע, גלאנציקע. יונגע זון־שטראלן האבן אנגעקלאפּט וווּיליונגעריש אין טונקעלע שייבעלעך פון באלמעלאכישע הייזקעס, אריינגעקראכן אין די הייזקעס אריין, צוגעפאלן צו די אפּגעצערט־צעקנייטש־טע באקן, צו די טרויעריקע אויגן. געקושט האבן די יונגע זון־שטראלן קינדערשע קעפּלעך און פרעגנדיק־מאנענדיקע גליענדיק־לויטערע קינדערשע אויגן. און דערנאך זיך צעלייגט און הענגען געבליבן איבער אלט־געקאלכטע ווענט, איבער דעם פארסמאליעטן אויוון און איבער די קאפּילן און צוועקעלעך און דראטווע אויפן שוסטער־ווארשטאטל. צעקייטלען זיך פענצטערלעך, צעשפּארן זיך טירן, און מיט געדיכט־היימישער זויערקייט אינאיינעם און מיט דער לופט פון אלט־פארשימלטן שוכווארג אינאיינעם שפּארן קינדערשע קעפּלעך ארויס, קוקן זיך אום צו די בלאטקעס, כאפּן א בליק צו דער ווארעמער זון, צעשמייכלען זיך ליב, און באלד שפּרינגען שוין בארוועסע פּיסלעך אריבער די שוועל, און מיילעכלעך צעשרייען זיך מיט פריי און פרייד:

— קינדער! לאמיר שפּילן אין וואסער־מילן!

זעלדעלע בלייבט שטיין לעבן די קינדער, זיך פארקוקט אויף זייער שפּילן. אזוי לאנג ניט געזעען

קיין ייִדישע קינדער האָט זי, ניט געהערט קיין ייִדישן געלעכטער, קיין ייִדישן וואָרט. דאָרטן, אין דער גרויסער שטאָט, איז איר גלייך ווי אין אַ פרעמד לאַנד צוגעגאַנגען. און ווען אַפילו ביים טרעפן זיך מיט ייִדישע סטודענטן, האָט מען צווישנאַנאַנד רק רוסיש גערעדט, און אַ וואָרט ייִדיש אַרויסגעבראַכט צוליב אַ בייסיק ווערטל. אויסער לעקציעס און וויסן און וויסנשאַפט־אינטערעסן, האָט זי געזוכט צו געפינען ביי די ייִדישע סטודענטן ברויזנדיק־צאַפּלדיקע געדאַנ־קען ייִדיש־געזעלשאַפטלעכע, ייִדיש־פאָלקישע. איר האַרץ און קאָפּ האָבן געבלאָנדזשעט אין אַן אומקלאָרער און רופנדיקער זוכעניש פון אַ וועג און אויסוועג פאַרן ייִדישן אונטערגייענדיקן שטעטל. עטלעכע מאָל האָט זי געפּרוּווט רופן די ייִדישע סטודענטן צו אַ שמועס וועגן דעם. קאַלט איז זייער האַרץ געבליבן צום שטעטל. און זיי קענען און וויסן אים ניט. זיי קומען פון גרויסע שטעט, וווּ אַ ייִדן זעט מען זעלטן. זיי שטאַמען פון עלטערן מיט פאַרטיי־ביכלעך און ביי די גרויסע מלוכישע פּאָסטנס. זיי אַליין, די סטודענטן, שטרעבן אויך צו זיין אַזעלכע ווי די טאַטעס און מאַמעס זייערע. לעבן אָן קיינע פּראָבלע־מען, אָן קיין שום פאָלק און מיט דער קולטור פון דער רוסישער צייטונג, פונעם רוסישן קינאָ, פון דעם אַלגעמיין־סאָוועטישן רוסישן אַרט לעבן. און דער

עיקר: זיך אויסלעבן רואיק און זיכער. עס איז איר ניט צוגעפאלן קיין איין מאל אויסצוהערן אן אנדער מיינונג פון א יידישן סטודענט. א קאלטע טאגטעג־לעכקייט, א וואכעדיקייט האט נאכגעיאגט איר הארץ ביי א צונויפקום מיט זיי.

אזוי לאנג ניט געזעען יאסלען האט זי. וואס זיינען זייערע מאגערע בריוולעך פון מאל צו מאל! ווען פון שטעטל ארויס, האט זי א ווארעמען פלעמעלע אין איר הארצן אוועקגענומען מיט זיך פון יאסלען און צו יאסלען, אליין ניט זיכער געווען אין איר אייגענער ווארעמקייט צו אים. עס האט איר עפעס געמאנגלט פון אים צו האבן, פון זיין הארץ מער געפיל, מער יוגנטלעכן רייץ, מער בחורישן עקסטאז צו איר. ביי די סטודענטישע יארן אירע, אפגעזונדערט פון יאסלען איז זי ארומגעגאנגען מיט דעם צווייפל־געפיל ניט געלאשן און ניט צעגליט איז געבליבן אין איר הארץ. און ווען ביים טרעפן זיך מיט יידישע סטודענטן אינטערעסאנטע און שיינע איז פון זיי צו איר קיין פונק ניט געפאלן און איר הארץ ניט צעגליט — פונדאסניי מיט א באזונדערן פלאמיקן גלי האט זי זיך אומגעקוקט צו איר ווארעמען פלעמעלע, דעם מיט־געבראכטן פון שטעטל, דעם שטיל־גליענדיקן אין איר הארצן. און געפרעגט האט זי דעם קאפ אירן:

— וואס איז גלייכער: א ווארעם־גליענדיק פלעמעלע

אין הארצן ביי זיך צי א צעפלאקערטער טרוים אין לופטן אין העל־ווייטן ?

האט איר געענטפערט דער קאפ אירער:

— צעגלי מיט דיין ליבשאפט יענעם וואָרעמען פלעמעלע, וועט ער צעשיינען דיין הארץ און זאפן ביז צו די ברעגן מיט גליק.

צום בוידעם ארויף טרעט זי שטיל אן די טרעפלעך, זיי זאלן ניט סקריפען.

— וויאזוי וועט ער זי אויפנעמען ? און איינער אליין איז ער ? און אפשר ... ניט אליין ?... — כאפן זי אן געדאנקען.

ביי דער שוועל פון בוידעם בלייבט זי שטיין. א שטילקייט. דורך דעם דאך־פענצטערל שמוגלט א שיין און פאלט צו זיין טישל אראפ. ער זיצט מיטן רוקן צו איר, דעם קאפ איבער די עלנבויגנס, געבייגט צום טישל.

א ווייליקע בלייבן שטיין ביי דער שוועל. נאך, נאך א ווײלע. זיך רואיקן זאל דאס הארץ אירע. א הייסער שטראם צעטומלט איר דאס הארץ און דעם קאפ. עס פעלט איר אטעם. עס צענעמט איר דאס לייב פאר זיסער פרייד. עס שטראמט זי פארויס, צו אים.

די צעשפרייטע ארעמס אירע כאפן אן פון אהינטער זיין קאפ און ציען צו זיך. אירע זודיקע קושן מיט

טרערן צעמישטע גליען זיין פנים, און ליפן אירע פארכליגען זיך קושנדיק.

— מיין פרייער פויגל, איך זע דיך! שפארט פון איר הארצן ארויס.

— זעלדעלע! — כאפט ער זי ארום צערודערט.

— יאסעלע! — רופט זי קוים, נעמט ארום זיין האלדז און צעוויינט זיך.

— ביסט דאך געקומען צו פליען צו מיר, זעלדעלע, און איך האב געמיינט... ביסט אוועקגעפלויגן ערגעץ ווייט, געצויגן פון א פויגל א שיינעם...

— מיט דיר, יאסעלע, וועל איך פליען, וווהין דו וועסט פליען!. דיין וועג איז מיין וועג!

*

— יאסל! — רופט דער אינזשענער־פאלקאווניק קושניר. — צוערשט וויל איך דיך פרעגן:

ער קוקט זיך אום דערביי און פרעגט שוין שטילער:

— דא איז קיינער ניטא איצט אין צעך?

—קיינער ניט, חבר פאלקאווניק. מען עסט וואַרמעס.

— איז צוערשט: אפשר ווייסטו, ווער איז דער נייער ראדיא־אינזשענער אונדזערער סעלדא סאל־מאנאס. עס איז מיר ציקאווע: לויטן פאספארט איז זי א ליטווינערין און פון פנים איז זי א יידישע טאכטער אן אויסגעמאלטע, און וווּנדער־שיין איז זי, א שלאנקע

פיגור, מיט א שיינעם דערהויבענעם קאפ, אויף אהינטער געבויגן, מיט גרויסע ליכטיקע, ריידנדיקע אויגן.

— און דאס צווייטע איז וואס, חבר פאלקאוויק? — פרעגט יאסל צעשמייכלט.

— דאס צווייטע וועל איך דיר זאגן, ווען דו קומסט היינט צו מיר אינאווענט אהיים. מען דארף באטראכטן אן ענין.

— גוט! איך קום צו אייך היינט, אבער ביינאנד וועלן מיר קומען: איך מיט נאך איינעם א מענטשן.

— גוט! אבער דעם ענין באטראכטן וועלן מיר ניט קענען ביי א דריטן מענטשן.

— מיר וועלן קענען, חבר פאלקאוויק.

דער פאלקאוויק קושניר איז געבליבן צעמישט, ווען עס זיינען אריינגעקומען צו אים יאסל מיט זעלדען ביינאנד.

ער האט זיי געבעטן זיצן און אליין צוגעכאפט די צעווארפענע קליידער און זאכן צו א זייט אין א ווינקל אריין.

— חבר פאלקאוויק! — זאגט יאסל. — מיר קומען צו אייך צוליב א זאכלעכן שמועס און ניט צוגאסט. און דאס איז מיין הארציקע חברטע זעלדע. איר זייט שוין באקאנט פון דער ארבעט ביי אונדזערע ווארשטאטן.

צערויטלט זיך דער פאלקאווניק און באגריסט זיך העפלעך. די פארב אין פנים האלט אים אן א לאנגע ווײַלע. ער קוקט זיי אן ביידן, יאסלען און זעלדען, מיט א קוים פארבארגענעם קנאה־געפיל פון אן עלנטן מאנסביל, וואס דאס לעבן האט אים ניט געבראכט צו אזא פרויען־שיינהייט אט ווי די.

— יא ביסט גערעכט, יאסל, איז אט: די טעג וועט מען אונדז ביידן, מיך און דיך, פארטרייבן פון די ווארשטאטן צו די ווייטע מקומות אריין. דא שטעלט מען רוסן אוועק. דארטן, אין שנייאיקע וויסטן, אויף דעם אייביקן אייז וועלן מיר דארפן בויען ווארשטאטן און ערד־שטיבלעך צום וווינען אין זיי. און אזוי וועט עס צוגיין, ווארשיינלעך, ביז די יארן אונדזערע וועלן אויסגיין. באפרייען פון מיליטער וועט מען אונדז ניט, און פרייוויליק וועט זיך קיינער ניט לאזן גיין אהינצו ארבעטן. דארף מען זיך ראטעווען. אנטלויפן דארף מען פונדאנען!

— חבר פאלקאווניק! — פרעגט יאסל געפלעפט. — וויאזוי אנטלויפט מען עס? מיר זיינען דאך מיליטער־לייט. און וווהין אנטלויפן?

— פאראן וויאזוי און פאראן וווהין! — רופט זיך אפ דער פאלקאווניק. — היינט ווערן גרייט צוויי מעכטיקע מאטארן, און מארגן דארפן זיי געפרוווט ווערן צום פליען. איך בין געשטאנען אויף דעם, אז

מיר דרייען זאלן זיין צו דער מאנשאפט און פילאטירן זאל דער פליער אלעקסייעוו. אינלופטן, נאך א צוויי קילאמעטער פליען, פארשטאפן מיר אים דעם מויל, בינדן אים די הענט און די פיס, און דו, יאסל, כאפסט אויף דעם רודער. מיר פליען צו א סקאנדינאווישן אעראדראם. אין לופטן שוין בעטן מיר אזיל. מיר לאנדן דארט, לאזן דעם עראפלאן און אומגעזאמט קיין ישראל. אט דאס איז מיין "וויאזוי" און מיין "ווהין". און ווידעראמאל שטיי איך אויף מיינס: אנטלויפן מארגן! איבערמארגן איז נאך אלעמען!

א שווערע, האמעטנע שטילקייט איז באפאלן אלע־מען, און געבויגן האבן זיך קעפ.

— אן אומזין איז דאס, חבר פאלקאווניק!

— וואס איז אן אומזין: דער "וויאזוי" אדער דער "ווהין"? — פרעגט דער פאלקאווניק.

— צוערשט דער "וויאזוי". ראדארן וועלן גלייך אויפנעמען אונדזער וועג צום אנטלויפן. מיליטערישע אעראפלאנען וועלן אונדז נאכיאגן און מעגלעך, זיי וועלן שיסן אין אונדז איידער מיר גרייכן אריינצופליען צו דער לופט־גרענעץ פון א סקאנדינאוויש לאנד.

— און וועגן דעם "ווהין" וואס וועסטו זאגן, יאסל? דאס איז אויך אן אומזין? דו שווייגסט, יאסל? דערויף האסטו קיין ענטפער ניט?

יאסל שווייגט, געבויגן דעם קאפ.

— איז אט קלייבט זיך אויס: — רופט זיך אפ דער פאלקאוויק אנשיידן. — נידערדריקטע יידן און שקלאפן צו זיין, אדער איינשטעלן דעם לעבן פאר אונדזער פרייהט און פאר אונדזער אנקומען צו אונדזער יידישן היימלאנד. קלייב אויס, יאסל, וואס דיר איז ניחא! קלייבט אויס איר ביידע.

א שווערער אויסדויער, א שווייגנדיקער גייט אן.

— זעלדעלע, און דו?... — פרעגט יאסל ניט זיכער.

— לאמיר פליען, יאסעלע, מיין פרייער פויגל! מיט דיר ביינאנד...

— מיר פליען, חבר פאלקאוויק!

— איז גוט! זייער גוט, ווען פרייע פויגל פליען צום ווארעמען היימלאנד, צו ווארעמע נעסטן! לאמיר פליען, מיינע ליבע פריינד!

*

פון אהינטער האט דער פאלקאוויק קושניר מיט־אמאל פארקלעמט דעם מויל דעם פליער אלעקסייעוון, אראפגעזעצט אים פון זיין געזעס מיטן רוקן צום דיל און געבונדן אים די הענט און די פיס און ווידער־אמאל געבונדן דעם מויל. יאסל האט שוין די מינוט זיך צוגעכאפט צו דעם רודער פון אעראפלאן און גלייך איינגעשלאסן דעם צווייטן מאטאר און ביידע

מאטארן אוועקגעלאזט מיטן מאקסימאלן שפאן ארופ־
געהויבן דעם עראפלאן צו דער העכסטער הויך
זייבער און א ווענד געטאן צו דעם נאענטסטן שוועדישן
עראדראם. פון דעם העלעם־הילכער נעמט ער אויף
צום עראפלאן דראאונגען און ווארענונגען און
באפעלן, זיך גלייך צוריקצוקערן צום עראדראם, און
ווען ניט, ווערט דער עראפלאן אראפגעשאסן, און
ער פאלט אין ים אריין.

— אזיל! אזיל! אזיל! — רופט יאסל דורך זיין
ראדיא צו די שוועדישע עראדראמען און גיט אן:
— ס.א.ס.!

מאקסימאל גיבן אפ זייער קראפט דיביידע מאטארן.
ער איז זיכער, יאסל, אליין ער האט זיי רעגולירט און
קאנטראלירט. דורך די וואלקנס איז נאך ניט צו זען
דעם שוועדישן ברעג. צום העלעם־הילכער גרייכן פון
ווייטן־ווייט אהינטער דעם עראפלאן א רויש פון
מאטארן. מען יאגט אים נאך. צוויי עראפלאנען יאגן
זיך נאך אים. וואס א מאל, איז אלץ הילכיקער זייער
גערויש. ער שטייגט, דער גערויש, און נאענט איז ער
שוין. און דא גלייך כאפט ער אויף א צווייטן גערויש,
א קעגנאיבערדיקן, און דערזעט פאר זיך: עס פליען אים
אנטקעגן צוויי שוועדישע עראפלאנען. זיי האלטן זיך
צו אים פון ביידע זייטן און פארשווינדן. ביי דעם
געשטילטן גערויש פון עראפלאנען הערט יאסל מער־

נישט דעם קרעפּטיקן שפּאַן פון זיינע מאַטאָרן. ברעג איז שוין. שטאָט. הייזער. די צוויי שוועדישע אַעראָ־פּלאַנען באַגלייטן אים צום אַעראָדראָם... אויסגע־שטעלטע צייכנס ווו אַראָפּצושטייגן... ערד־פעסטקייט פילט ער שוין אונטער די רעדער פונעם אַעראָפּלאַן. שווייגן געבליבן זיינען די שוין פריער געשטילטע מאַטאָרן. און אליין איז ער זיצן געבליבן פאַרגליווערט ניט אָפּגעלאָזט די געקלעמטע פינגער זיינע פונעם רודער.

צוויי פּאָר וואַרעמע אָרעמס, צוויי פּאָר גליקלעכע אויגן און צוויי צערודערטע הערצער האָבן אים געהאָלפן אַראָפּשטייגן פון אַעראָפּלאַן.

## דאס געפונענע היימלאנד

— ביי לייטן קינדער ווי קינדער, און ביי אונדז וואקסן ווארּיאטן און ניט קינדער. — באקלאגט זיך חיה־ביילע פארן מאן, פאר אברהם־זאלמענען. — ביים מלמד תורה לערנען — דאס ניט. אין שקאלע מיט די שקצים שלאגן זיך — דאס יא. און די מיזינקע די בת יחידקע אויך מיט זיי. געקומען פעדאסיע נעכטן און באקלאגט זיך: דיין מיידל האט ארויסגעזעצט מיינעם צוויי ציינער פון מויל.

— זאל ער ניט קריכן צו מיר, פעטקע! — לאזט זיך הערן א שטים פון צווייטן חדר. — רק ער כאפט מיך פארן לייב. האב איך אים א זעץ געטאן מיטן קולאק אין די ציינער אריין. האט ער אויסגעשפיען דאס בלוט מיט צוויי ציינער אינאיינעם. און מער וועט ער ניט קריכן צו מיר.

— וואס האסטו צו די קינדער, חיה־ביילע? דאס פעלד האבן זיי אויפגעאקערט און פארזייט. די שטאלן גערייניקט האבן זיי. די בהמות געמאלקן האט די מיזינקע. און וואס זיינען זיי: קינדער נאך!

— אט גייט ער, דער צירונג דיינער. זאל ער דיר דערציילן אליין ווי ער שלאגט זיך מיט די שקצים.

— מאטל! — רופט דער פאטער שטרענג. — וואס איז פאר א געשלעג מיט די שקצים? וואס דארפן מיר ברענגען דעם צארן פון די גוים אויף אונדז?

— די ריפן זייערע וועל איך זיי איינרייבן! — ענטפערט מאטל אויפגעבראכט. — נעכטן אינדערפרי, איידער דער לערער איז אריין אין קלאס, נעמט פעדקע דער שטשערבאטער און שרייבט מיט קרייד אויפן טאוול: נאשי זשידקי נעבאראטשקי, יעדני פישקי, דרוגי ראטשקי". שטיי איך אויף און פארפאר אים א קנאק פון אהינטער אין זיין נאקן אריין. פאלט ער און טוט זיך א זעץ מיטן שטערן אין זיין שרייבעכץ אריין אויפן טאוול און זיך צעבלוטיקט ווי א געקוילעטער חזיר. איך וועל ניט לאזן זידלען אונדז!

— נו, וואס ועסטו זאגן איצטער, חיה־ביילע? —ווארפט איר אויף צופרידן אברהם־זאלמען. — קאליקע קינדער זיינען עס אונדזערע, ווען זיי קענען באַשטיין פאר זיך?

— א פאגראם וועלן זיי ארופברענגען אויף אונדזערע קעפ, די קינדער דיינע! — ענטפערט ברוגזלעך חיה־ביילע.

— צוליב א פאגראם מאכן דארף מען קיין תירוצים ניט האבן, חיה־ביילע.

— מערנישט ווי שלאגן זיך קענען זיי!

— און איינשטעלן זיך פאר זייער כבוד אויך, און גוט לערנען זיך אויך, און אקערן און זייען און שניידן אויך, און לעבעדיק טאנצן אויך. — צעשמייכלט זיך דער טאטע, און עס שמייכלען אים נאך די קינדער.

— לאכט, לאכט! איר וועט זיך דערלאכן! ווארט! הלואי זאל איך ליגנס זאגן! — רעדט זיך אפ חיה־ביילע.

בייצייטנס, נאך איידער זייער ענדיקן די מיטלשול, האט שוין אברהם־זאלמען גענומען טראכטן וועגן א תכלית פאר זיינע קינדער.

— קיין ישובניקעס ניט. גענוג איז ער אליין געווען יארנלאנג דא צווישן גוים, פון יידן אפגעפרעמדט, פארגראבט געווארן. זאלן די קינדער זיין שטיקלעך מענטשן. לערנען זיך ווייטער דארף מען זיי אוועקגעבן.

פאר א גוטן קווארט בראנפן האט ער ארויסגענומען פון דעם ארעמקייט־קאמיטעט א קוויטל, אז ער אברהם־זאלמען שניידערמאן, איז אן ארעם פויער און שטייט פאר דער סאוועטנמאכט, און אלע זיינע קינדער שטייען פאר דער סאוועטנמאכט. מיט אזא קוויטל צעפראלט מען היינט די טירן פון יעדער הויכשול.

און ביזוואנען וואס מיט די קינדער, איז צו אברהם־זאלמענען צוגעפאלן גאר אן אנדער זארג. פון ווייטע

דערפֿער האָט זיך געלאָזט הערן, אַז מען טרײַבט אַרײַן אַלע פּויערים אין די קאָלכאָזן, און מען נעמט בײַ זײ אַוועק זײערע פֿערד און קי און אַקערס און באַראַנעס, און ווער עס שפּאַרט זיך אײַן און וויל ניט גײן אין קאָלכאָז, פֿאַרטרײַבט מען אים מיט זײַן געזינד אין די ווײַטע מקומות.

האָט לאַנג ניט געטראַכט אַבֿרהם־זאַלמען און ניט געלאָזט זיך וואַרטן ביז מען וועט בײַ אים אַוועקנעמען זײַן האָב און גוטס. בײַנאַכטנס שטילערהייט האָט ער אַרויסגעפֿירט פֿון דאָרף אין שטאָט אַרײַן אַלץ, וואָס עס האָט זיך געלאָזט אַרויספֿירן. אַ שטיבל האָט ער געדונגען אין עק שטאָט מיט אַ שפּײַכלער און שײַער און שטאַלן און מיט אַ שטיק ערד דערבײַ און זיך פֿאַרפֿירט אויף אַ באַלעבאַטישקייט.

אַ יאָר און נאָך אַ יאָר. אַקערן און זײען און שנײַדן און מעלקן טוען די קינדער. און ווײַטער וואָס? און וואָס איז דער תּכלית?

— טאַטע! מיר פֿאַרן אין שטאָט אַנצוקומען אין אַ הויכשול. — זאָגט אײנמאָל מאָטל, דער עלטערער.

שווײַגט דער טאַטע און ווייסט ניט וואָס צו ענטפֿערן.

— די גאַנצע באַלעבאַטישקייט שטייט אויף די קינדער. און זיבע יאָרן זײַנען שוין ניט די אויף צו הייבן די גאַנצע אַרבעט. און ער בלײַבט בײַנאַנד מיט

דער אלטער. אבער צוליב די קינדער איז דאך ניט שייך.

— גוט! רעכט! פארט אייך, קינדערלעך, און קומט אן לערנען זיך און אליין ווערן מענטשן. און מיר דא מיט דער מאמען וועלן זיך קוויקן מיט אייער אויפקו־מען. אבער וואס ווילט איר זיין, קינדערלעך?

— איך וויל זיין א פיציכטלער. — ענטפערט מאטל.

— און איך וויל זיין א פעלדציכטלער. — ענטפערט דער יינגערער, מאירל.

— און איך וויל זיין א מאשינען־ציכטלערין פון לאנדווירטשאפטלעכע מאשינען. — ענטפערט די מיזינקע ליבעלע.

— גוט!. — ענטפערט דער טאטע באטראכט. — און ווען איר ענדיקט, וווהין וועט איר זיך צושפארן ארבעטן: אין א קאלכאז? אין א סאווכאז? איר, די יידן, וועט קאמאנדעווען איבער טויזנטער רוסישע פויערים? און בפרט ווען די פויערים זיינען צערייצט קעגן דער מאכט? איר וועט גיין צו די כערסאנער יידישע דערפער, וואס זיינען שוין לאנג אוועק מיט רויך און מיט יידיש בלוט? איר וועט גיין קיין ביראַ־בידזשאן, ווו עס זיינען פארבליבן ליידיקע יידישע כאטעס פארלאזטע פון יידן? ווו נאך מיינט איר צו האבן ארבעט פאר אייער פאך?

— טאטע! פרעגט מאטל א צעקאכטער. — איז וווהין

זאלן מיר גיין ארבעטן, לערנען זיך? וווהין זאל גיין די יידישע יוגנט פון סאוועטנפארבאנד ארבעטן און לערנען זיך?

— גיין אומעטום, ווו דער פאך וועט ניט ברענגען צו זעצן זיך אויפן קארק דעם רוסישן מענטשן און ניט צו קאמאנדעווען איבער אים. ניט גיין פאר לערער און פראפעסארן אין שולן, ווייל ניט יידישע מענטשן דארפן לערנען די רוסן. אפילו ניט ווילנדיק ברענגט עס אומפארמיידלעך צום געדאנק, אז יידן געוועלטיקן איבער די רוסן טעכניש און גייסטיק. יידן אין רוסלאנד טארן ניט אדמיניסטרירן, יידן אין רוסלאנד דארפן זיין אדמיניסטרירטע. דאס הייסט ניט זיין אונטערטעניק און שקלאפיש קולטורעל. ווי אויך גייסטיק צו די רוסן און צו דער רוסישער קולטור.

און נאך א לאנגן שווייגן רופט זיך אפ מאירל:

— איר גייט זיך לערנען וווהין איר ווילט, און איך גיי זיך לערנען לאנדווירטשאפט. און פאר מיינע אויגן שטייט א יידיש לאנד, ווו איך וועל זיין א ייד און א מענטש א פרייער. איך וועל ניט דארפן הערשן איבער קיינעם. פאר מיין לאנד און פאר מיין יידיש פאלק וועל איך טאן מיין ארבעט.

— אויף ייד און מענטש און פאלק דערוף שטיי איך אויך, אבער דאס פערטע — קיין לאנד האב איך

נאך אין מיין קאפ און אין מיין הארצן ניט דערוואָרבן.
— רופט זיך אפ שטיל מאטל.

— וועסט קומען צום לאנד, וועט דאס לאנד קומען צום הארצן צו דיינעם, מאטל!

— מעגלעך און אפשר. — שטימט צו מאטל שטיל.

— איז לאמיר זיך לערנען לאנדווירטשאפט אלע דרייען! רופט מאירל.

אין דעם סטודענטן־הויז, ווו עס וווינען מאטל, מאירל און ליבעלע, דרייט זיך ארום אן אלטער סטודענט, וואס האלט שוין ביים שלוס פון זיין לערע אין דער לאנווירטשאפטלעכער שול. ניט קיין הויכער איז ער, א גראבער, מיט א בוריק־רויטן, קיילעכדיקן פעט־אויסגעפאשעטן פנים, מיט פון שמאלץ פארלאפענע קליינע אויגן. א ייד איז ער, און רופן רופט מען אים מאקאר אגניעוו. ביים ארייַנשמוגלען צו יידישע סטודענטן זאגט ער, אז דאס האט ער זיך אליין איבערגעמאכט זיין נאמען פון מרדכי פייערמאן. זאגן זאגט ער פון זיך, אז ער שטאמט פון זיידעס און טאטע ארענדארן, פאטאמסטווענע ערד־באלעבאטים. און ער אליין מיט זיין מיטגלידס־ביכל פון דער קאמפארטיי־וועט באזיצן א דירעקטאר־פאסטן אין א גרויסן סאווכאז מיט א טויזנט רוסישע ארבעטער.

און ווידער דערציילט ער, דער מאקאר אגניעוו, אז כאטש יונגע לייט יידישע קריכן אויף די גלאטע ווענט

צו פארן קיין ישראל, איז ער דאך ניט קיין יאלד צו לאזן זיך פארן אהינצו, ווייל... און אט זעט! ווייזט ער זיי, די יידישע סטודענטן, בריוו, דערהאלטן פון זיינעם א פריינד פון ישראל. שרייבט ער, דער פריינד זיינער...

— געננג שוין, מאקאר! גיי זיך דיר און פארנוץ דיינע בריוולעך צום...

און ווען מאקאר דרייט זיך ארויס, זאגט מאטל:

— מאיר! צוויי זאכן שטייען פאר מיר ניט פאר־ענטפערט: וואס איז דאס לאנד ישראל מיט זיינע מענטשן? און וואס וועט זיין דער גורל פונעם יידישן פאלק, וואס וועט געצווונגען זיין צו פארבלייבן אין סאוועטנפארבאנד? אלע דריי מיליאן יידן וועלן דאך ניט קומען קיין ישראל.

— די צייט וועט ווייזן, מאטל, און לערנען וועט. — רופט זיך אפ מאיר פארטראכט.

— דיר דוכט זיך ניט א מאל, מאיר, אז מיר אנטלויפן פונעם יידישן פאלק און מיר לאזן אים איבער אליין? מיר ראטעווען זיך אליין, און דאס גאנצע פאלק טרינקט זיך...

*

מאטל האט שוין אויסגעכלאפאטשעט אלע פאפירן פאר טאטע און מאמע און די קינדער אויף אוועקצו־

פארן קיין ארץ ישראל. און איידער דעם באלדיקן אפפאר גייען אלע ארומעט פארכמארעט, ניט אנגעקוקט איינער צום צווייטן. דער טאטע אברהם־זאלמען האט שוין אויסגעפארקויפט די כודאבע, די צוויי קי מיטן פערד און פאראיינס שוין אויך דעם שפאן און וואגן. ליבעלע שיידט זיך מיט די קי, וואס זי האט זיי אמאל געכאוועט און געמאלקן. און טרערן פארגיסט זי דערביי. דער טאטע גלעט מיט דער הארטער דלאניע דעם האלדז ביי דעם פערד און זיפצט דערביי שטיל, און צו זיך אליין זאגט ער:

— ווער ווייסט וואס דארטן וועט זיין!...

און אט איז דער טאג שוין געקומען. פארן דארף מען. עס ווארט שוין אינדרויסן מענדל דער באלעגאלע אפפירן די זאכן צום באן. מאטל און מאיר שלעפן פארהאוועט די געפעק ארויס פון שטוב און וואליען זיי צום וואגן. זאמלען זיך שכנים מאנסביל און ווייבער און קינדער און סתם אזוי יידן. זיי קוקן פארטראכטע און שווייגן. און פון זייערע טרויעריק־פארבענקטע אויגן איז ניט צו פארשטיין, צי זיי באדויערן די אפפארער, צי זיי זייגען מקנא זיי.

מאטל באטראכט דאס קרוע־בלוע אנטאן פון די יידן, וואס גלייך ווי עס הענגט איבער זייערע אויסגע־דארטע גופים, די אפגעצערטע אויסגעצויגענע געזיכטער

זייערע און די אויסגעלאשענע אויגן אן א פונקעלע האפענונג.

— אט דאס איז היינט דאס יידישע פאלק! — טראכט מאטל. — צעזייט און צעשפרייט איבער גאנץ סאוועטנפארבאנד, פארלאזט פון זיין יוגנט, אן היינט און אן מארגן. א פאלק פון דריי מיליאן יידן. אן א פירער, אן א פירונג, אן א וועג און אן אויסוועג. און מיר, די יונגע זיינע, אנטלויפן איצט פון אים און ראטעווען זיך אליין.

— איר פארט טאקע קיין ארץ ישראל, רב אברהם־זאלמען? — פרעגט פיניע דער בלעכער. — איז זאל אייך גאט העלפן און אויף אונדז ניט פארגעסן.

— יא, פיניע! מעבדות לחירות!

— און וואס וועט זיין מיט אונדז, מיט די פארבלי־בענע? — פרעגט בערל דער שוסטער.

— איר וועט אויך קומען קיין ארץ ישראל. — ענטפערט אברהם־זאלמען.

— וויאזוי וועלן מיר קומען? סיידן אז נאכן טויט וועלן מיר זיך קייקלען אונטער דער ערד קיין ארץ ישראל צו קומען. היינט איז ניטא ווער עס זאל א טראכט געבן וועגן אונדז די פארבליבענע.

— ווער עס קען, ראטעוועט זיך, און ווער עס קען ניט, טרינקט זיך — רופט זיך אפ לייבל דער שניידער.

ווייבער ווישן טרערן מיט די שפיצן קאפטיכלעך.

פון צו גיין זיך באזעצן אין א קיבוץ האט זיי אפגעשראקן דאס געשפענסט פון סאוועטישן קאלכאז, וואס איז זיי נאכגעגאנגען פון דער היים. האט מען זיי גערופן צו א מושב. און ווער וואלט זיי ניט גערופן, דריי יונגע, הויכע, געזונטע און שיינע, צוויי חתנים און א כלה. צוויי סאלדאטן צו דער גרענעץ־וואך פון מושב. אלע דריי געבילדעטע אין לאנדווירט־שאפט. האט זיי דער מושב אויסגעהאלפן צו בויען הייזער, באזונדערע פאר די בחורים, פאר יעדן איינעם א שטוב, און באזונדער א שטוב פאר טאטע־מאמע מיט דער טאכטער אינאיינעם. א בעל משפחה וועט דאך א בחור ווערן, און א מיידל וועט העלפן טאטע־מאמען אין באלעבאטישקייט. און וואס שייך ארבעט האט מען זיי אן עצה געגעבן: די דיפלאמען זייערע באהאלטן אין די טישקעסטלעך און אליין ווייזן וואס זיי קענען אויפטאן מיט זייערע אייגענע הענט און קעפ אויפן מושבישן פעלד און שטאל און פרוכטגארטן און גלייכ־צייטיק אין אייגענער באלעבאטישקייט, און זיך גע־וווינען א באשטענדיקן חבר צו זיין מיט דער ביקס, געלאדן מיט קוילן, און ביי דעם ערשטן רוף איינ־שטעלן דיין לעבן פאר דיין אייגענער היים, פאר דיין אייגענעם מושב און פאר דיין אייגענעם היימלאנד ישראל.

א ביי געפיל, א פארקערטער צו דעם פריערדיקן, איז

זיי, אט די דריי קינדער אברהם־זאלמענס, אויפגעשטאנען מיטאמאל און פארכאפט זיי אינגאנצן. און אלץ אינ־איינעם: ווארעמע, הארציקע הענט האבן זיך אויסגעשטראקן צו זיי, יידישע, ברידערלעכע און א היים זיי געגעבן אן אייגענע, און א ביקס זיי געגעבן און אן ארט זיי געגעבן מיט חברים מיט גלייכע אינאיינעם זיך איינשטעלן פארן לעבן, פאר דער היים, פאר דעם לעבן פון אלע חברים, פאר דעם היימלאנד, וואס שטייט הינטער די פלייצעס דיינע. אפילו אין טרוים איז פאר זיי אזוינס ניט געקומען אין ראטנפארבאנד.

— נו, מאטל, וואס וועסטו זאגן איצט? — רופט זיך אפ מאיר צו אים. — דעם ווינקלשטיין פאר דיין היימלאנד האט מען דיר שוין געליגנט. און דו בוי די געביידע.

שווייגט מאטל.

*

האבן זיך אלטע מושבניקעס ביי זייערע באזונדערע ארבעטן זיך א ביסעלע געקוועקלט ביים אנטרויען די נייגעקומענע רוסישע קינדער די ארבעט. מאירן, וואס איז געקומען ארבעטן אין קי־שטאל, האט מען גע־שטעלט צו א קליינער גרופע מעלק־בהמות, דערלאנגט אים א מעלק־מאשין. מאיר איז צוערשט אוועק מיט דער מאשין צום קאנטראל־געשטעל, געפרווט, גע־

דרייט, געשרויפט און ווידער געפרווווט. און געקערט זיך צוריק, האט ער געוואשן מיט וואַרעם וואַסער די אייטער און די ציצן ביי די קי, אויסגעמאַסאַזשירט זיי, געבוימלט ביי אייניקע קי די ווונדן, אנגעטאן זיי פאַמעלעך די מעלק־מאַשינען, איינגעשלאָסן זיי צום עלעקטרישן שטראָם און גענומען מעלקן. מושבניקעס און מושבניצעס האָבן דערביי געשאָקלט מיט די קעפּ אויף יאָ און געפּאַטשט מאַירן איבער די פּלייצעס.

מאַטל און ליבעלע זיינען געקומען צו די ווייץ־פעלדער, וואָס זיינען געשטאַנען צייטיקע ערב דעם שניט. איין ווייץ־פעלד, ווייט אָפּגעשיידט פון די אַנדערע, איז מאַטלען באַזונדערס געפעלן געוואָרן. די ראַנגען זיינען דאָ געוואַקסן מיטלוווקסיקע, דיק־לעכע, דער זאַנג אַ פּיל־צעצווייגטער מיט דיקע רויטלעך־גאָלדיקע קערענער. דער פעלד־מייסטער האָט דערקלערט פאַר מאַטלען, אַז דאָס באַזונדערע פעלד איז בלויז אַ צופעליקס, געזייט מיט פון ערגעץ אַנטליענע זוימען.

— לאָמיר אויפהיטן דעם ווייץ פון דעם באַזונדערן פעלד. — האָט פאָרגעשלאָגן מאַטל. — ווידער זייען מיט אים וועלן מיר און ברענגען צו אַ ראַטן־צוכט אונדזערע ווייץ־פעלדער.

מאַטל רייסט אָפּ אַ זאַנג, דרעשט פון אים די קערנער אַרויס אויף דער דלאַניע צו זיך, נעמט אַ

קערנדל אין מויל, צעקנאקט אים מיט די ציינער און זאגט:

— צייטיק איז דער ווייץ. שניידן מוז מען אים אומגעזאמט. ווען ניט, שיט ער זיך ארויס.

— עס פעלט אונדז איין קאמביינער. — זאגט דער פעלד־מייסטער. — גערופן איז ער צום מיליטער.

— אט האט איר אייך א קאמביינער. — זאגט מאטל, אנווייזנדיק מיטן קאפ צו ליבעלען, וואס איז דא דערביי געשטאנען.

— אט א די מיידל א קאמביינער? — צעשמייכלט זיך דער פעלד־מייסטער. — זי וועט דאך אונדז צעברעכן דעם קאמביין!

— וועט זי פאררריכטן, ווען זי צעברעכט. — דעווידערט רואיק מאטל.

— אזוי גאר: אליין צעברעכן און אליין פאררריכטן?!

— שמייכלט איראניש דער פעלד־מייסטער.

— יא, אט אזוי. און מארגן פארטאג קומט זי אהער מיטן קאמביין און נעמט שניידן דעם ווייץ.

האלבע נאכט. א געקלאפ אין די שויבן. א צערייצט און צערודערט געקלאפ.

— וואס איז געשען?

— מלחמה. דאס לאנד רופט צום מיליטער. גיכער!

צעכליפּען זיך די קינדערלעך. צעווײנט זיך די ווײב. און אַנגעקוקשט און אַנגעהאַלדזט אַלעמען, בעט ער זי:

— מײַן האַרציקע, מײַן טײַערסטע! האָדעווע און כאָווע די קינדערלעך אונדזערע, און איך וועל קומען. איך גײ דאָך פֿאַר אײַך, מײַנע טײַערע. פֿאַר אונדזער היים.

לויפֿט אַרײַן מאירל אין שטוב.

— ביסט גרײט, מאַטל? קום!

אינדרויסן זאָגט מאַטל:

— מאיר! אַט איצט האָב איך געפֿונען אין האַרצן אין מײַנעם דעם פֿערטן געבאָט. מײַן הײמלאַנד האָב איך געפֿונען! אַ נײַע קראַפֿט שטײַט אויף אין מיר און שאַפֿט מיך צו אַ נײַעם מענטשן צו זײַן. און זאָל זײַן מײַן לעבן פֿאַרן לעבן פֿון מײַן לאַנד!

## דער לעצטער דיספוט

— נו, דעלעגאטן, דעפוטאטן: געקומען! אט דא, אין די לאנגע שטאלן, האט איר אייך אייערע פריי־דערוויילטע קאמיטעטן און סאציאל־דעמאקראטישע קאנפערענצן און צוזאמענפארן און קאנגרעסן און פולשטענדיקע דעמאקראטיע און פרייהייט פוןווארט און פארזאמלונגען און דערנאך, נאך אייער פיל ריידן און אמפערן זיך, האט איר דא, אויף דעם בית עולם, פיל פלאץ צו רוען זיך באקוועם און חבריש־קאלעקטיוו — צו צען דעמאקראטן אין איין גרויסן גרוב. אלע גלייך און דעמאקראטיש.

פאלן מיט קנאק די בארטן פון דעם לאסט־אויטא און אנטפלעקן א הרודע לעבעדיקע, טויט־בלייכע, באוואקסענע, צעשראקענע, פארלארענע, עלטערע מענטשן.

— קריכט אראפ און גיכער, פילגעאכטע! — רעוועט א שכורלעך־הייזעריקע שטים. — מעןווארט אייך צום פייערלעכן דערעפענען דעם קאנגרעס.

אויף דעם אויטא צענעמען זיך גופים, צעקריכן זיך

פיס, צעקרעכצן זיך הערצער און זיפצן אפ שווער, און פארגאנגענע פיס קריכן צו דער ערד אראפ, טאפן זי אן, לאזן אראפ דאס לייב און אן אפגעשוואכט שטיק מענטש פאלט צו צו דער ערד און בלייבט זיצן אויף איר.

— זיצן וועט איר ביז אייער לעבן אן דארטן אין די ווייסע שטאלן און היינט: אויפשטיין! — רעוועט ווידער די שכורע שטים.

קוים זיך אויפגעשטעלט און אוועקגעסמארעט מיט די אפגעשוואכטע פיס און צוגעטאפעט מיט די שטעקנס און אדורך דעם געגראטעוועטן טויער און געבליבן שטיין אין דער לאגער־זאנע. און דא, קוים געהויבן דעם קאפ, דעם פארבמארעט־שווערן, זיך אומצוקוקן, וווהין דארף מען עס גיין, אז היגע, גוטגעווינטע אויגן מיט שפיציקע בליקן שטייען אין זאנע און כאפן אויף די ניי־געבראכטע ארעסטאנטן, און צו די איינצלנע, וואס מיט די טרויעריק־פארבענקטע שווארצע, טיפע אויגן פאלן־צו היגע ווארעמע הענט איבער די פלייצעס פון די ניי־געבראכטע און שטיין געבליבענע אין עלנטער פארלעגנהייט. היגע ליפן רופן שטיל, ניט זיכער צו דעם שטיין געבליבענעם:

— עמך?

ענטפערן ברייט־צעגליקלעכטע אויגן פון איבער־מענטשלעכן וווּנדער צום היגן. און ניט דערווארט אויף

קיין ענטפּער, ציט דער היגער דעם ניי־געבראַכטן צו זיך:

— קום צו יידן! און מיט יידן! אַ פריי פּלאַץ האָסטו ביי אונדז אין באַראַק צום שלאָפן. אַ קענדל הייסן טיי וועט באַפרישן דיינע פאַרשמאַכטע ליפּן און דערקוויקן דיין פאַרגאַנגענע האַרץ.

און אויף דער אייגענער נאַרע זיצנדיק, אַראָפּגעצויגן פון זיך דעם בושלאַט דעם געשטעפּטן און זיך צוגע־שפּאַרט ביי אַ קליינעם בייטישעלע צו אַ קענדל הייסן טיי, ווישט דער ניי־געבראַכטער די אויגן זיך מיט דער דלאָניע. כאַפּט עס אויף דער היגער און זאָגט:

— ע־ע, בראַטאַק! עס טויג ניט און מען דאַרף ניט! אין טורמע גלויבט מען ניט אויפן וואָרט און אויף טרערן!

— אַזוי פיל יאָרן ניט געהערט און ניט גערעדט קיין יידיש וואָרט און ניט געפילט קיין יידיש האַרץ. און היינט דערפילט.

און אונטערגעלענט דאָס האַרץ מיט ברויט און מיט וואַסער, און דערוואַרעמט די נשמה מיט אַ יידיש וואָרט, פרעגט אים דער היגער:

— אַן אַכט און פופציקער ביסטו? אַן אַנטי־סאָוועטשיק?

— יאָ!

— וויפל האט מען דיר ניט געזשאלעוועט לאגער דערפאר ?

— צען יאר.

— און וויפל האסטו שוין אראפגעשלונגען ?

— פופצן יאר.

— פינף יאר, הייסט עס, האט דיר געשאנקען דער פראקוראר פון זיין אייגענעם בייטל ?

— יא.

— נו, און זאג מיר: מיט א חברה א וועלכער האסטו געהאט א שייכות ?

— א קאמוניסט געווען.

— א ייד א קאמוניסט ? א יעווסעק אודאי ?

— יא.

צוויי ארעסטאנטן פון דעם זעלביקן באראק גייען אן און זעצן זיך צו דער נארע ביי דעם היגן.

— חברה ! — זאגט צו זיי דער היגער. — מיר האבן שוין איצט א כשרן דעמאקראטישן יידישן פארלאמענט: א נייער דעפוטאט איז אט, א יעווסעק. שאפן מיר אזוי ארום פיר פראקציעס: א יעווסעקישע, א בונדישע, א ציוניסטישע און א פאלקיסטישע. זאל זיך דער חבר אהוטען און אטשוכען א ביסעלע, עפענען מיר אונדזער פלענארע זיצונג.

די נאַכט איז אַריינגעקראָכן אין באַראַק, אַ שוועריע, אַ האַמעטנע לויערנדיקע, אַן אויסשפּירערישע, אַ שמוגלעריש־שטילע, אַ פּאַרצוקנדיקע. די נאַכט אין אַרעסטאַנטישן באַראַק לאָזט מערנישט ווי אויסצוגלייכן די אָנגעהאָרעוועטע און אויסגעמאַטערטע גלידער נאָך אַ גרויסן טאָג שווערפולער אַרבעט. די נאַכט לויערט מיט די שמוגלערישע בליקן פון דעם סטאַראָסטע, דעם צוגעשטעלטן אַרעסטאַנט, וואָס זעט און הערט און שפּירט נאָך. די נאַכט שיקט ניט צו קיין ברכות פאַר די פאַרבענקטע, פאַרטרויערטע הערצער, פאַר די צערודערטע קעפּ און געפּאַלענע געמיטער. די אַרעס־טאַנטישע נאַכט רייסט אַרויס פון דעם אַרעסטאַנט ביי זיין מיד־שווערן שלאָף דאָס אַלץ, וואָס עס רעדט אַראָפּ אינזיך זיין צערודערט צעווייטיקטער גוף און נשמה, רעדט אַראָפּ מיט אַן אומבאַהאָלפענעם ברום און געזיפץ און געקרעכץ, וויינט אַראָפּ מיט אַ כליפּ און מיט ווילד געיאָמער און מיט אַ גערוף: ראַטעוועט! ראַטעוועט! און קומט אַ מאָל אַרויס מיט אַ שטיל־האַרציקן, צערטלעכן רוף? קינד מיינס! מיין ליב קינד! ערגעץ אין אַ ווייטן ווינקל צעוויינט זיך אַ רויס ביי אַ מאַליטווע אַ בעטנדיק־שטילער, און אַנדערע וויינען אים נאָך און מאַליען זיך נאָך. די אַרעסטאַנטישע נאַכט לעבט מיט איר האַרצרייסנדיק־לעבעדיקן שוידער און גרויזאַם, וואָס מערנישט דער

גרויער טאג האקט אים איבער ביי א ווילד גערוף פון דעם סטאראסטע:

— פארענדיק דאס נעכטיקן, ארעסטאנטוואָרג!

צו דער ארבעט גיין אינדערפרי צעשטעלן זיי זיך אלע פיר צו איין ריי, די דריי היגע און דער ניי־געבראכטער. אין איינע יארן כמעט אלע, אין די פופציקער־זעכציקער, און אלע פיר זיינען זיי ניט איינע. מיטלוווקסיק, דיקלעך, מיט א קיילעכדיק פנים און מיט שטרענגלעך־באפוילערישע אויגן זעט אויס צו זיין דער יעווסעק. הויכלעך און דאר, מיט קוים געפרעסטע שטרענגלעך־מאנענדיקע אויגן, אין ערגעץ ווייט ארייננקוקנדיקע, שפאנט דער בונדיסט. האפערדיק־צופרידענע, טרוימעריש־שוועבנדיקע שפארן אן צום ווייטן ציוניסטישע אויגן, און געהויבן און גענייגט אויף אהינטער דער ציוניסטישער קאפ. א הייליקע רואיקייט, אן אינזיך־לויטערע זיכערקייט האט זיך צעשטראלט אין די גרויסע ליכטיקע אויגן ביי דעם הויכוווקסיקן פאלקיסט. און פון אלעמענס ברעמען קנייטשט אראפ און צעשוועבט זיך איבער די אויגן א טרויער־כמארעלע, בלייבט א ווײלע הענגען און פאר־שווינדט באלד ערגעץ צוריק אונטער די ברעמען. זיי, די ברעמען, פארבאהאלטן די כמארעלע טיף ביי זיך און ווייט מעגלעך לאזן זיי די כמארעלע ניט ארויס פון זיך. צו־וואס דארף מען עס פארכמארען דעם

לעבן זיך אליין און נאענטע חברים, מעג זיין אפילו פארשיידענע און דאך נאענטע. שפאנט מען ביי איין ריי אין דער קאלאנע צו דער ארבעט.

ביים שווייגנדיקן גאנג און איינארטיקן שטילן גערויש פון שארן מיט הונדערט פאר פיס אן דער ערד צעיאגט זיך ווידער און ווידעראמאל דער געוווינטער געדאנקען־ראד פון דעם לעצטנס פארלאפענעם, פון יארן און טאוונגען ביז טורמע. פארהאקט זיך דער געדאנקען־ראד ביי אייגענע און פארטייאישע שטרויכלונגען און דורכפאלן, ווען אנזעצעסר זיינען געבליבן פארטיי־פירערס אקעגן דעם פארטיי־פראגראם, און ווען מיט ארבעטער־בלוט און פאלקס־בלוט האבן זיי געפלאסטערט זייער אייגענעם אויסגעדאכטפרעמדן וועג. אפטער, וואס א מאל אפטער פארהאקט זיך דער געדאנקען־ראד ביי די אומצאליקע אומשולדיקע קרבנות. און ענדלעך פארהאקט זיך אינגאנצן דער ראד ביי א טויט־פינצטערניש: קיין וועג און קיין אויסוועג, אפילו קיין שימער ניטא איז. טשעפען זיך די פיס אן פרישע קברים, שטרויכלען זיך, פאלן, און קעפ זעען ניט קיין וועג.

שווער געליטן, בלוטיק באנקראטירט האבן צווייען, גראד די, וואס גייען איצט ביינאנד, די מארקסיסטן די צוויי, דער ניי־געבראכטער יעווסעק און דער היגער, דער בונדיסט, וואס האט אים לעצטנס אריינגעבראכט

אין באראק. איצט, ווען ער, דער בונדיסט, גייט נאענט אין איין שפאן מיטן יעווסעק, טראגט ער אין הארצן קיין שנאה ניט צום יעווסעק פאר דער אמאליקער בלוטיקער פיינטשאפט פון דער יעווסעקציע צום "בונד", און דאך קומט קיינמאל קיין מחילה ניט דערפאר. איצט דא אין לאגער איז די רעכטע צייט אפצורעכענען זיך מיט אים פאר אמאליקע און צעווערטלען זיך איבער אים אזוי ווי ער איז ווערט.

לייכטער גייט עס צו מיט דעם געדאנקען־ראד ביי די אנדערע צוויי, דעם ציוניסט און דעם פאלקיסט. די האבן בלויז מיט לעבנס געליטן, מיט אומשולדיקע קרבנות. מיט אידייען האבן זיי ניט אנגעזעצט. פאר־קערט: געוווּנען האבן זיי. מיט די צוויי האט דער בונדיסט ניט צו שפארן זיך לאנג.

גאנג און שפאן, און ארעמס רייבן זיך איינע אן אנדערע. און מיטאמאל טוט א שפאר אן צום קאפ דעם בונדיסט דאס פארלאפענע און באגאנגענע, דאס בלו־טיקע. קאפ און הארץ נעמען אים רודערן, גלייך אט נעכטן איז דאס געשען.

— אט צו דעם אויבער־יעווסעק, וואס האט אליין אנגעדייט דעם בלוטיקן וועג, ווער איך ניט טראגן קיין שנאה אין מיין הארצן ? ! וואס בין איך שוין אויס קעמפער ? ! און פארגעסן האב איך אויף חברשע בלוט ? !

אויסבאהאלטן זיך פון לויערנדיקע בליקן. אוועקגיין פון דעם מינדסטן פארדאכט אין גרופירן זיך צוליב קאנטער־רעוואלוציע אדער צוליב אנטלויפן פון לאגער. בלייבן זיצן זאלבעפערט אויף דער זוואלינקע אינ־דרויסן, ווען נאכקוקן די וועכטערס פון די ווינקל־טורעמס און רופן גלייך דעם אפעראטיוויניק. איז גלייכער שוין צו בלייבן אין באראק און ניט זיצנדיק, נאר ליגנדיק יעטווידער אויף זיין נארע און זאלבע־פערט זיך צערייידן צווישנאנאנד.

נאכן איינשלינגען די אוונט־באלאנדע און פארזופן מיט א קענדל הייסן וואסער גלוסט זיך אפרוען א ביסעלע ביי דער טונקל־אונטיקער געמיטלעכקייט פון באראק און ליגן אויסגעצויגן אויף דער נארע. און אראפריידן פון הארצן גלוסט זיך. אזו באלד פאלט אראפ פון דער אויבערשטער נארע א שטים:

— נו, שתדלנים פאר יידישן יושר און גערעכטיקייט! אלע זייט איר דא פארטראטן. א פאלנער פארלאמענט. וואס וועט איר זאגן איצט, ווען עס האלט נאך אלעמען, ווער איז געווען דער גערעכטער: אט דער קאמוניסטי־שער הענקער, צי דאס צעבלוטיקטע יידישע פאלק, דער קרבן פון די בלוטיקע הענט? דו, יעווסעק, ביסט פאראורטיילט געבליבן דריימאליק: דורכן יידישן פאלק, וואס לעבט און וועט לעבן, דורך דיין אייגענער מאכט, וואס וועט פאלן, פארכלינעט מיט פאלקישן בלוט, און

דורך דער געשיכטע פאראורטיילט ביסטו, דו בלוטיקער יעווסעק איינער! איצט זיי זיך מודה און שלאג זיך על חטא. די געשיכטע האט דיך ארויסגעוואַרפן צו איר היסטארישן מיסט־בארג און דארט וועט דיין אנונג פארגיין.

און דו, דער בונדיסט, האסט פארלאזט דאס הארע־פאשנע יידישע פאלק, און געזארגט האסטו מערנישט וועגן דאס אויבערשטע פון שטויסל, — וועגן דעם יידישן ארבעטער מערנישט. דאס יידישע פאלק וועט ניט מוחל זיין דיר, מעג זיין אפילו, אז געזארגט האסטו וועגן זיין קולטור. און היינט, ביים ראנד פון דעם בלוטיק פארגאנגענעם און ביים ווענד צו דעם אומבאוווסטן וועט דאס לעבנגעבליבענע יידישע פאלק, גלייך ווי אמאל, ניט קומען צו דיר און ניט פרעגן קיין עצות ביי דיר וועגן א וועג און אן אויסוועג צום לעבן אויף ווייטער, אין זיין צוקונפט אריין.

— וואס מאנסטו ביי מיר? — רופט זיך אפ דער בונדיסט. — מאן ביים יעווסעק, ביים קאמוניסט. צוערשט דערטרונקען דעם מארקסיזם אין בלוט פונעם רוסלענדישן פראלעטאריאט פאר זיין ניט וועלן גיין מיטן קאמוניזם. און דערנאך, ווען אריינגעטאן האבן זיך די יעווסעקן און שטיקן געהאלפן מיט טורמעס אָנו בלוט דאס שענסטע און בעסטע, דעם קאפ פונעם יידישן פאלק, האט דער קאמוניסטישער אויבער־

הענקער דערשטיקט זיינע אונטער־הענקער, די יעווסעקן, צוליב מען דארף זיי מער ניט.

— מיר, די ציוניסטן, — רופט זיך אפ דער ציוניסט, — האבן הויך געטראגן די באפרייאונגס־פאן פונעם יידישן פאלק, פון צונויפקלייבן אים פון אלע עקן וועלט צו דעם אלט־נייעם יידישן היימלאנד און צו שאפן דא א יידישע מלוכה. מיר האבן דאס אויסגעפירט.

— גרויס און דערהויבן איז אייער היסטארישער אויפטו! — רופט זיך אפ דער פאלקיסט. — איר האט אויסגעקעמפט צוריק דאס אלטע יידישע לאנד און צו א ניי לאנד געשאפן אים, און באזעצט האט איר אויף אים א הייפעלע געראטעוועטע יידן פון דער גארער וועלט. דעם וועג און דעם אויסוועג צו א נייעם לעבן פאר דעם גרויסן יידנטום, וואס לעבט שווער־אונטערדריקט אין פיל און פיל לענדער אויף דער וועלט, אט דעם וועג און אויסוועג האט איר ניט געעפנט, און איר זייט ניט אינשטאנד צו עפענען אים. קליין איז דאס לאנד פאר אן אויסוועג צום פילמיליאניקן יידישן פאלק אויף דער גארער וועלט. מיר, די יידישע פאלקיסטן, שטייען היינט די איינציקע מיט אונדזער דערקענטעניש איבער דער צוקונפט פון יידישן פאלק. די געשיכטע האט געשלאסן דעם לעצטן היסטארישן יידישן דיספוט מיט בלוט־פארגיסונג פונעם יידישן פאלק. דארף זיך אנהייבן איצט דער נייער דיספוט

צום לעבן פונעם פאלק, א דיספוט מיט געדאנק, מיט הארץ און מיט טאט.

דער פאלקיסט איז שווייגן געליבן. און געדוכט האט זיך, אז דאס שווייגן זיינס האט פארהילכט מיט זיין קראפט דעם ארעסטאנטישן שוידער פון דער נאכט, און צעשפארט האט דאס הילכיקע שווייגן די ווענט און גראטעס פון טורמע און אנגעשפארט צו צעוויי־טיקטע הערצער אריין .

## יידן זייט איר

ביי דער דיקער דעמבענער טיר שטייט אינדרויסן א מענטש מיט גרוילעכע קריכעריש־שפירנדיקע אויגן. בייז־פיינטלעך, פארכמארעט כאפן אן די אויגן יעדן אריינגייער, באטאפן אים, און דער שפיציקער קין טוט א ווייז אויפן פענצטערל דערביי:

— א קוויטל נעם אויף אריינצוגיין!

און אריין, בלייבט מען שטיין א רגע אין טונקלעניש ביי די ברייט צעלייגטע שווארצע מירמלנע טרעפ מיט גראבע פארענטשעס אנגעשפארט אויף בייכיקע זיילן. אויבן, ביי די טרעפ ארוף טונקלט א לאנגער האל מיט א קראנק־בלאסן טאגיקן שיין, מיט גאלדענע ראמען איבער די ווענט. אינמיטן א לאנגער דעמבענער טיש, א הויל־נאקעט, מיט עטלעכע האמעטנע שטולן ביי אים. א מעשענע קליאמקע ווייזט אויף א טיר מיט א טונקל שילדל: קולטור־אפטייל.

פאמעלעך און פארזיכטיק, ביט צו שטערן די טונקעלע שטילקייט, גייט ארוף אהערצו איינער און באלד נאך אים נאך איינער, און א דריטער און א

פערטער. זיי קוקן זיך איין צו דער טונקלעניש, גייען צום טיש. דא דערקענען זיי איינער דעם צווייטן, באגריסן זיך און בלייבן זיצןביים טיש.

דא, אין אגיט־פראפ פון צענטראל־קאמיטעט, בלייבן זיי היינט זיצן ווייטלעך איינער פונעם צווייטן, די לעקטארן פון דער פארטייאישער הויכשול. אין דער שול ביי דער ארבעט קומען זיי זיך צונויף נאענט צו א געמיינזאמען שמועס, א זאכלעכן און א חברישן. היינט דא, אויפגעפאדערטע צו קומען אהערצו יעדער איינער באזונדער, און ווער ווייסט צוליב וואס און צוליב ווען, באפאלט יעדנס הארץ א פארדאכט אויף חושד זיין אים אין עפעס אזוינס אנטיסאוועטיש אדער אנטיפארטייאיש און, מעגלעך, ארויפברענגען א חשד אויף זיין חבר, זיין מיטארבעטער, און אפשר פארשן א חשד אויפן צווייטן.

מען לאזט זיי דא לאנגווארטן הינטער דער געשלאסענער טיר פון קולטור־אפטייל. די געשפאנטע טונקעלע שטילקייט באפט אויף יעדן באוועג זייערן. הערן אלע: עס עטעמט אפ איינער שווער, טוט דער צווייטער א זיפץ און פארהוסט זיך קוים אויף צו פארבארגן זיין זיפץ. שפרינגען ארום איינעמס פינגער נערווייאיש איבערן טיש. רייסט זיך ביי איינעם פון הארצן ארויס קעגן זיין ווילן:

— נ—דא!

שפארט אן ביי איינעם צום הארצן מיט א חשבון הנפש: צי איז ער אומווילּיק ניט ארויס עפנטלעך מיט א קרום, ניט אויסגעהאלטן אידעאלאגיש, געדאנק און אפשר א ווארט? און אפשר אפארטוניסטיש אפגעווייכט פון דער גענעראלער ליניע? און אפשר פאר דער אייגענער ווייב ביים ווארמעס־עסן האט ער א קנייטש געטאן מיט דער נאז איבער עפעס, וואס געשעט אינדרויסן? און זי, די ווייב, האט עס פאר דער שכנה דערציילט, און די שכנה האט עס דערציילט דעם, וואס דארף וויסן פון דעם, און דער האט עס גלייך אויפגעכאפט און דערלאנגט וועגן אים ווו מען דארף דערלאנגען. ער שפארט אן דעם קאפ אויף די עלנ־בויגנס און נייגט אים צום טיש, עס זאל קיינער ניט זעען זיין שווערן פארדאכט אויף זיך אליין.

די טיר פונעם קולטור־אפטייל עפנט אויף פון אינווייניק דער פארטיי־סעקרעטאר פון דער הויכשול, און ער בעט זיי אריינקומען אלע פירן. עס וועט האבן א געשפרעך מיט זיי דער פארוואלטער פון קולטור־אפטייל דער חבר טראפימוק. העגט און פיס ווערן זיי אפגעשוואכט, גלייך עס האט זיי עמעצער צעקלאפט. די בלוטן פאלן זיי איין, און די אויגן פארגליווערט, גלייך זיי דערוואַרטן א שווערן אורטייל איבער זיך. און קוים זיצן געבליבן ביים גרויסן שרייבטיש, אונטערטעניק געבויגן די קעפ, פאר דעם חבר טראפימוק

און פאר דעם, וואס קוקט אראפ צו זיי פון דער דיקער גאלדענער ראם, איז צום ווארט געקומען דער פארטיי־סעקרעטאר פון דער הויכשול:

— אט דער איז ניקאדים פעטראוויטש ווײמאן, פראפעסאר פון רוסישער געשיכטע אין אונדזער פארטיי־שול. און דער איז מאווריקי ניקאנאראוויטש פייערמאן, פראפעסאר פון רוסישער ליטעראטור אין אונדזער פארטיי־שול. און דער איז וולאדימיר יאקאוולעוויטש פיינשטיין, פראפעסאר פון רוסישער קונסט, און דער איז קיריל כאריטאנאוויטש וואקסמאן, פראפעסאר פון רוסישער שפראך אין אונדזער פארטיי־שול.

א פיינטלעכער בייז־רייץ צעפלאמט טראפימוקס אויגן. זיין גוף צענעמט א ווילדע קראפט. די שפיצן פינגער פון דער רעכטער האנט צעשפרינגען זיך איבערן טיש.

— אוהום! — צעברומט ער זיך אונטער דער נאז.

— אזוי, אזוי!...

און צעקאכט און צערייצט, רעוועט ער ארויס הייזעריק:

— איז, הייסט עס, זייט איר ניקאדים און מאווריקי און ניקאנאר און קיריל און נאך ווער זייט איר, און מיטן פאספארט מיט אייערן זייט איר ווער: רוסן טאקע? די ריכטיקע רוסן זייט איר? און איר גיט עס צו פארשטיין פאר דעם רוסישן פאלק זיין רוסישע

געשיכטע ? ! דאס רוסישע פאלק דארף זיך לערנען ביי אייך צו באנעמען זיינע היסטארישע שטרעמונגען און געזעלשאפטלעכע באוועגונגען ? איר האט דען א שייכות מיטן רוסישן פאלק ? איר האט דען מיטגעלעבט ווען מיטן רוסישן פאלק ? איר, די פרעמדע ? איר, די פרעמדע, לערנט אונדז, די רוסן, צו באגרייפן און צו שאצן אונדזער רוסישע ליטעראטור ? איר, די פרעמדע, לערנט אונדז, די רוסן, ריידן און שרייבן רוסיש ? ! קארג איז אייך אייער לערנען, זייט איר נאך די פארוואלטערס פון די אלע קאטעדרעס, און איר קאמאנדעוועט איבער צענדליקער רוסישע פראפעסארן, און איר טרייבט מיט זיי אן.

גרימט דער צארן ארויס פון דעם פארוואלטערס צעבליצטע אויגן, און די שפיצן פינגער זיינע שפרינגען צעווילדעט איבערן טיש, גלייך זיי דראען מיט עפעס.

— מיכאיל וואסיליעוויטש ! — פרעגט דער פראָ־פעסאר פון רוסישער געשיכטע, ניקאדים פעטראוויטש. — ווער זיינען דאס די "איר", וואס איר רעדט פון זיי ?

— מיר דארפן דען זאגן אייך, ווער די "איר" זיינען ? מיר, די רוסן, דארפן אייך, אט אייך, דערמאנען, ווער איר זייט ? און וואס איר זייט ? און איר אליין האט שוין פארגעסן אדער גאר ניט געוווסט פון דעם ?

און געדיכט־הייזעריק צערעוועט זיך דער פארוואַל־
טער:

— יידן זייט איר! דא, אין אונדזער סאוועטיש לאנד,
זייט איר...

— פרעמדע? — פרעגט אים נאך פארוווּנדערט
ניקאדים פעטראוויטש.

— יא! — טוט א קנאק מיטן קולאק איבערן טיש
דער פארוואלטער.

— מיר זיינען רוסן באַגלייך מיט אייך, מיכאיל וואסי־
לעוויטש. מיר ווייסן פון קיין אנדער פאלק ניט, אויסער
דעם רוסישן, און איינגעזאפט האבן מיר די רוסישע
קולטור מיט דעם מילך פון אונדזער מוטער —
ענטפערט ניקאדים פעטראוויטש.

— יידן זייט איר מיט רוסישע מאסקעס איבער
אייערע פנימער. דאס נאציאנאלע ביי א מענטשן שינדט
מען פון זיך ניט אראפ, און מען מיידט עס ניט אויס
מיט א מאסקע. און איר, די פרעמדע, פארקויפטע זייט
איר מיט אייער געוויסן אינאיינעם. מיר, די רוסן, ווילן
קיין פרעמדע ניט דולדן איבער זיך.

פון קאבינעט אויף צוריקוועגס האבן די פיר פראפע־
סארן קוים געטראפן די טיר, און אינדרויסן, זיך ניט
געזעגנט, זיינען זיי זיך צעגאנגען באזונדער. מערנישט
געבויגענע קעפ און פארכמארעטע אויגן האבן דעם
אויפברויז פארבארגן אין זיך. דעם מענטשלעך־יידישן

אויפברויז. און אין זייערע הערצער האט נאך געזעצט ווי קלעפ פון א האמער:

— איר, די פרעמדע! איר האט פארגעסן, אז איר זייט יידן?! מיר, די רוסן, דערמאנען אייך אן דעם! אויפגעפלאצט האט מיטאמאל און צעטראטן געווארן אין זייערע הערצער און אין זייערע מוחות דער קאמוניסטישער באגריף און אידעאל פון מענטש אן קיין שום נאציע. די קאמוניסטן אליין האבן צעטראטן דעם אידעאל. און אויפגעשטעלט האבן זיי דעם אלט־רוסישן, דעם צארישן אידעאל: דאס רוסישע פאלק איז איבער אלעס! און רוסלאנד איז פאר די רוסן! דעם פראפעסאר פון רוסישער געשיכטע ניקאדים פעטרא־וויטש ווײמאן, דעם היינטיקן יידן, האט מען עס גוט געגעבן צו לערנען אט דא היינט ביי דעם קאמוניסטישן קולטור־אפטייל פון דעם צענטראל־קאמיטעט פון דער קאמוניסטישער פארטיי פון סאוועטנפארבאנד.

אינדערהיים ביי זיך זוכט דער פראפעסאר פון רוסישער געשיכטע ניקאדים פעטראוויטש ווײמאן, דער ניי־אנטפלעקטער ייד, אן ענטפער אויף זיין צעברויזונג ביי מארקסן און לענינען. ווער, אז ניט זיי, די געניאלסטע לערער און פירער, זאלן אים ענטפערן דערויף? לייענט ער און זעט, אז מיט העכער הונדערט יאר צוריק האט שוין קארל מארקס אויפגעפאדערט אויסצוראטן פון יידן זייער יידנטום. דער פראפעסאר

ניקאדים פעטראוויטש ווײמאן כאפט זיך, אז אדאלף היטלער האט זיך צוגעהערט צו מארקסן און איז קאנסעקוועגטער פון אים געווען: צוזאמען מיטן יידנ־טום האט ער אויסגעראטן די יידן גופא. לענין האט פראקלאמירט, אז קיין יידישע נאציע איז ניטא, פאראנען איז בלויז א יידישע רעליגיעזע קאסטע. דערפון איז שוין געדרונגען, אז מיט יידן דארף מען זיך באגיין אזוי, ווי מען באגייט זיך מיט יעדער רעליגיע אין סאוועטנפארבאנד. און הײנט אין קולטור־אפטייל האט מען געטאן קעגן אים און קעגן זײנע קאלעגן לויט די געבאטן פון מארקסיזם־לעניניזם. און, מעגלעך, דערוואַרטן דארף ער, אז די נאכט וועט קומען צו אים א שווארצער פויגל און וועט אים ארויסנעמען פון זיין היים און...

א קאלטער שווייס צעשלאגט אים זיין לייב. הענט און פיס נעמען אים ציטערן. מען קלינגט ביי דער טיר. עס זאל זיך אים דוכטן? היימיקע זיינען אלע אינדערהיים. פרעמדע קומען ניט אזוי שפעט צוגאסט. זיי, די מיטן שווארצן פויגל, קלינגען ניט ביי דער טיר. זיי זעצן מיט די שטיוול אין איר. וואלט ער דאס גלייך דערקענט. מען קלאפט. ביי דעם שכן, ווייזט אויס, אויף די טרעפ. ווייזט אויס, א טעות. געגאנגען זיינען זיי אהערצו, צו אים. מען וועט אים באשולדיקן אין מאסקירן זיך און אויסבאהאלטן זיין נאציאנאליטעט.

און אפשר געפינט מען איין ביי אים אידעאלאגישע פעלשונגען ? און ווען מען פרעגט אים ביים אויס־פארשן וואס איז זיין נאציע, וואס וועט ער ענטפערן ? קיין קריסט — ניט, קיין ייד אויך ניט. וואס פאר א ייד איז ער ? ווו שטעקט דאס יידישע אין אים ? ביי א רוס שטעקט דאס רוסישע אין זיין נאטור, אין זיין בלוט, אין זיין מוח, אין זיין ארט דענקען. אין זיין באנעמען און ענטפערן אויף געשעענישן, זיך איינזעען אליין אין דער טויזנטיאריקער געשיכטע פונעם רוסישן פאלק און איינשטעלן דאס לעבן פארן לאנד און פארן פאלק. און ער, וואס גיט זיך אן פאר א רוס, וואס פארמאגט ער אין זיין נשמה פונעם רוסישן ? ליידיק, פוסט איז זיין נשמה. ערגעץ דארטן אויפן סאמע דעק קריכן ארום ביי אים גדאנקעלעך וועגן מענטשלעכקייט און שויך.

צו אים אין זיין טיר קלאפט מען ניט. מען קען קומען שפעטער, נאך האלבער נאכט. און ווידער זעצן זיך אן אויף אים נייע גדאנקען :

— ווען ער זאל וועלן אפילו אריינגעמען אין זיך אל דאס רוסישע, וואס עס טראגט אין זיין הארצן א רוס, צי וואלט ער זיך באהעפט דערמיט מיט זיין לייב און לעבן, מיט זיין גוף און נשמה מיטן רוסישן פאלק ? צי וואלט זיך ניט אויסגעלאזט דערפון בלויז די מאסקע, פון וועלכער עס האט אים אויפגעווארפן דער פאר

וואלטער פון קולטור־אפטייל? געמאכטע פאלשקייט וואלט עס געווען. א רוסישער פעלץ וואלט עס געווען אנגעצויגן אויף אים. קיין איין רוס וואלט אים ניט געגלויבט אין זיין רוסישקייט.

— מען קען ארומגיין אזוי אויך, מיט אן אויסגע־לײדיקטער נשמה. — טראכט ער ווייטער. — גייען ארום מיליאנען מענטשן מיט איין לעבנס־פילאסאפיע, וואס לאזט זיך אויס מיט א לאנגן נון: ארבעטן, עסן, טרינקען, שלאפן, לעבן און שוין. גליקלעכע מענטשן זיינען זיי אט די, די נון־לייט!

א דערווידער־געדאנק טוט אים א זעץ אין קאפ און אין הארצן אריין:

— קליינע מענטשעלעך זיינען דאס, וואס קריכן ארום איבער דער ערד! און זייער גליק איז א קליינ־לעכער. דער אמתער גליק קומט צו א מענטשן, ווען עס רודערט דאס הארץ פון טרוים און פון שטרעבן צום דערהויבענעם און ביים קאמף פאר דעם דער־הויבענעם. ער, דער היסטאריקער, ווייס זיכער, אז דערהויבענע קאמפן זיינען נאר די געזעלשאפטלעכע און די פאלקישע קאמפן אין אלע צייטן און ביי אלע פעלקער.

גלייך ווי פון עפעס א דערמונטערטער מיטאמאל, רופט ער אויס אויפן קול צו זיך אליין:

— איז ניט בלייבן קליינלעך! און ניט ארומגיין מער

מיט א פרעמדער פארבלעגדעניש און מיט פרעמד־פיינטשאפט! געגוג! איין איינציקע דערהויבנקייט שטייט פאר אים: דאס יידישע פאלק! קיין אנדערע און קיין גרעסערע איז ניט פאראנען! צום יידישן פאלק דארף מען גיין! דורך יידישן ליידן און פיין, וואס ער וועט טראגן אויף זיך מיט אלע יידן אינאיינעם, וועש ער ווערן א ייד. און ביים איינשטעלן זיין לעבן פאר יידן וועט ער קומען צו דעם העכסטן מענטשן־גליק.

א פריידיק־צעברויזטער, א דערמונטערט־צערודער־טער, לאזט ער זיך שפאנען איבערן צימער פון ווינקל צו ווינקל.

טעג און נעכט אנגעשפארט מיט באזינען זיך, מיט פרעגן זיך, מיט רודערן זיך ביים קאפ און ביים הארץ. טעג און נעכט אומרו־דערוווארטונג און לעקציעס אין הויכשול שוין אזעלכע באנאלע, וואכעדיקע, פרעמד־געדונגענע, די לעצטע. אנצוהערן אים געלאזט, אז פאסיקער פאר אים וועט זיין אליין זיך אנגעבן אין דעמיסיע און פון דער ארבעט אראפ. מען וועט אים געבן א פענסיע און שוין.

וואס א מאל אפטער און לענגער בלייבט ער זיצן ביי זיין שרייבטיש, אנגעשפארט דעם קאפ אויף די עלנ־בויגנס, די בליקן צום טיש צו א צופעליק צעעפנטן בוך. דאס מאל האט ער ניט געהערט אפילו די טריט

פון זיין פרוי אירינא, וואס איז שטיל אריין צו אים און שטיין געבליבן לעבן אים אין א שטיל שווייגן. אירע ווארעמע בליקן פאלן צו זיין געבויגענעם קאפ.

— א לעבן אפגעלעבט מיט אים. — קומען איר אנטקעגן כוואליעס געדאנקען און צעווארעמען איר דאס הארץ. — געבאדן זיך אין צארטקייט און אין הארציקייט זיינער. צי וואלט כאטש איינער פון די רוסן, וואס האט געוואלט פאר א ווייב זי נעמען, אזוי צערטלעך און הארציק זי געליבט, אט ווי דער ייד אירער, און אזוי געטריי געווען צו איר אט ווי ער. און אזויפיל הארץ און ליבשאפט צו די קינדער אפגעגעבן. און איצט האט די פארטיי אויפגעשטעלט קעגן אים א וואנט, וואס איז אויך קעגן איר, די וואנט צווישן ייד און קריסט, וואס זי, די רוסין, האט עס קיינמאל ניט געפילט. איצט וועט מען זי זיכער רופן צום פארטיי־ביורא און האבן א הארבן געשפרעך מיט איר. און שטייענדיק דא לעבן אים צאפלט אויף איר הארץ מיט ווארעמקייט צו אים, צו דעם, וואס האט איר אזוי פיל פרייד און גליק צוגעטראגן אין איר לעבן. אין האלדז שטיקט איר עפעס. טרערן רופן זיך צו אירע וויעס. און מיטאמאל פאלט זי צו אים אויפן האלדז, נעמט ארום זיין קאפ, דריקט אים צו זיך און קושט אים, זיך פארכליפעט מיט טרערן. און קוים וואס זי רעדט ארויס:

— ניקא! איך ווייס אלץ וואס איז געשען מיט דיר אין צענטראל־קאמיטעט. דו באהאלסט אויס פון מיר, און מענטשן ווייסן שוין אלץ.

זי בארואיקט זיך קוים און נעמט דערציילן:

— היינט ביי דער גרויסער הפסקה זיצן מיר אלע לערער ווי געוויינלעך אין לערער־צימער ביי א גלעזל טיי, ביי א העפט, ביי א שטילן שמועס. דערציילט איינע א לערערין הויך אויפן קול א נייעס, אז די טעג האט דער צענטראל־קאמיטעט פארטריבן פון דער פארטיי־אישער הויכשול פיר יידן פראפעסארן. די לערערין האט דערביי אנגערופן דיין נאמען, און געשטעלט האט זי דעם טראפ אויף דעם. א שווער־געשפאנטע שווייגעניש איז באפאלן אונדז אלעמען. מיך האט א שוידער בא־נומען. שטייט אויף א לערער און רופט זיך אפ אויפן קול:

— ריכטיק געטאן האט דער צעקא! יידן זאלן קיין לערער ניט זיין אין רוסישע שולן. אין קיינע ניט!

שטייט אויף גלייך א לערערקע א יידישע, וואס ארבעט אין דער שול שוין העעכר פון פינף און צוואנציק יאר און רופט זיך אפ הויך אויפן קול:

— איך בין א טאכטער פון מיין יידישן פאלק און איך וויל מער ניט ארבעטן אין א רוסישער שול!

און גלייך נאך איר שטייען אויף נאך פינף לערערקעס יידישע און זיי דערקלערן דאס אייגענע

ווארט ביי ווארט און זיי פארלאזן אלע דעם לערער־צימער. איך האב נאכגעטאן די יידישע לערערקעס.

איך בין אויפגעשטאנען און דערקלערט הויך אויפן קול:

— איך בין א רוסישע. א גליקלעכע פרוי פון מיין יידישן מאן. איך וועל אומעטום גיין מיט אים און מיט אט די זעקס יידישע לערערקעס וועל איך גיין!

און האב פארלאזן די שול און וועל זיך ניט קערן צוריק.

— אירינושקא! — רופט זיך אפ צו איר ניקאדים פעטראוויטש נאך א ווײלע שווייגן. — איך האלט ביים איבערשאצן מיינע פארטייאישע, נאציאנאלע און מענטשלעכע ווערטן. מיר זיינעןביידע קאמוניסטן, מוזן מיר שווייגן ווען אפילו צווישנאנאנד. מען וועט אונדז זיכער רופן צו א הארבן און, מעגלעך, צו א בלוטיקן געשפרעך, זאלן מיר גרייט זיין צו בלייבן ערלעך מיט אונדזערע געדאנקען און געפילן. איך בין גרייט אוועקצוגיין ליידן פארן יידישן פאלק און דערמיט אפקומען פאר מיין שולד קעגן אים, פאר מיין פרעמד זיין מיט אים. איך וועל גליקלעך זיין, ווען מיינע קינדער וועלן זיין יידן. ווער ווייסט וואס עס דערווארט זיי.

ער באווייזט ניט צו פארענדיקן זיין געדאנק, אז אין צימער פאלן אריין, צעטומלטע, צערודערטע, די

קינדער: דער עלטערער, דער סטודענט פון א הויכשול, די טאכטער, א סטודענטין פון א הויכשול, און דער יינגערער זון, דער שילער פון א מיטלשול, וואס האלט שוין ביים פארערנדיקן זי.

— פאפא! — רופט זיך גלייך אפ דער סטודענט. — זאג מיר, איך בעט דיך, ווער זיינען מיר: דו, דער פראפעסאר, און איך, דער סטודנענט: קריסטן, יידן, מענטשן? אדער קיין מענטשן אויך ניט? און פונ־וואנען קומט צו רוסן די ווילדע פיינטשאפט צו יידן? און דער עיקר: מיט וואס און וויאזוי דארפן ענטפערן יידן אויף דער פיינטשאפט פון די רוסן?

— זון מיינער! — ענטפערט דער פאטער. — אונדז, פיר פראפעסארן, האט מען לעצטנס פארטריבן פון דער פארטייאישער הויכשול ווייל מיר זיינען יידן. און אזוי האט מען אונדז געזאגט מיט שוים אויף די ליפן:

— יידן זייט איר!

דער פאטער ווארט אויס א ווײַלע, קענטיק, צוליב באהערשן זיך.

— און איך, מיין זון, זאג דאס דיר מיט ליבשאפט און מיט כבוד: געדענק און ניט פארגעס: מיר זיינען יידן! און ענטפערן אויף רוסישער פיינטשאפט זאלן מיר מיט אנערקענען אין זיך און דערהייבן זיך מיט אונדזער יידיש־מענטשלעכן כבוד און ווערדע. די קלייניקע בילער ניט ענטפערן גארנישט און די גרויסע

בילער ענטפערן מיט ווערדיקן וואָרט און, ווער ווייס, און אפשר וועט בייטיק זיין, צו ענטפערן זיי מיט ווערדיקן טאט.

— ביסט גערעכט, פּאפּא! ענטפערט דער זון.

— און איך ענטפער מיט האס קעגן האס! — רופט זיך אפ די טאכטער צערודערט. — עס רופן מיך נעכטן די רוסישע סטודענטן: קום, זשידאוואטשקע, מיט אונדז א נעכטעלע פארברענגען. בראנפן און געלעגער וועט אונדז קלעקן מיט דיר".

— רופט אייך אייער גלייכן! — האב איך זיי געענטפערט מיט פאראכטונג און האס.

אין דער אומרואיקער נאכט האט די משפּחה זיך געצייכנט דעם וועג פאר דעם אומרואיקן טאג זייערן.

## אין א בוידעם־שטיבל

יונגער, קרעפטיקער שפאן בארג־ארוף מיטן הארב־שטייניקן פוס־וועג, געטראטן פון הונדערטער דורות צו די שפיצן ארוף, צו די געמיטער, וואס הויכן מיט גבורה ביז היינטיקן טאג נאך, ווו יידישער כבוד איז שטארקער פון טויט, ווו טויט איז צום פאלקישן לעבן געבראכט.

שפאנען קרעפטיקע פלייציקע רוקנס, שווארצע דער־הויבענע קעפ מיט ים־בלויע אויגן, מיט שטרענג־ערנסט צעכוואליעטע בליקן, שפאנען יונגע מיט אויגן צעפריילינגט פון צארטן, פון מיידלש־פארחלומטן טרוים. אוןביים גיין און ביים שפאן און ביים קלעטער צעקארבן זיך שטערנס ביי איינע, צעשמייכלען זיך בליקן ביי צווייטע, צעפרייען זיך שטימען ביי דריטע. גייען יונגע און שווייגן, גייען יונגע און ריידן, גייען יונגע און לאכן, גייען יונגע און שמייכלען, גייען יונגע און טראכטן.

גייט זי די ערשטע, אין מיטן וועג, איינע אליין, אפגעזונדערט פון אלעמען, זיך ניט אומגעקוקט אויף

צוריק און צו קיינעם. און ניט צו פארשטיין איז, צי איר גאנג איז אזא, אדער געמאכט איז דאס אזוי. אבער אלדאס אירע האט גערופן צו איר. העכער פון מיטל־וווקס און כמעט הויך איז זי, שלאנק און פעסט געבויט איז איר גוף, שיין און איידל דער האלדז, דער קאפ שווארצע האר איז דערהויבן און אויף אהינטער ארוף, גלייך אריבער אלעמענס קעפּ און צום הימל זי קוקט, און ערשט פון דארטן צו מענטשן אראפּ, פעסט און זיכער דער טראט פון די שיין־געטאקטע פיס אירע. און ביים גיין און ביים שפאן אירן דוכט זיך: א קראפט באוועגט און בארופט זי און באגלייט איר פארויסגיין ארוף. א בת מלכה, דוכט זיך, עס גייט, און אלע גייען נאך אירע טריט בארג־ארוף.

ער, פארגעסן אין אלץ און אין אלעם, לאזט ניט אוועק זיינע בליקן פון איר. עס נעמט אים ציען צו איר. עטלעכע אייליקע שפאן גלייכן אים אויס מיט איר גאנג. פונדערזייט פונדערווייטנס דערשיינט איר פראפיל צו אים, א קוים לענגלעך, פעסט געטאקט, קליין דער מויל, און איידל די ליפן, אויסגעשניצט־בולט דער קין. א ווייטלעכער קוק אירער און א שטרענגלעכער בליק, א קוים צעכמארעט או באפּוי־לעריש, און באלד א לעכצנדיקער פלאם צעבליצט אירע אויגן. דערזעען אים גיין איינוועגס מיט איר, טוט זי האסטיק א ווענד

אירע אויגן צו אים, דרינגט זיי פון אויבן אראפ, גלייך זי באטראכט אים פון קאפ צו די פיס, און גלייך מיט א שטאלץ־ווענד צוריק, און ווידער געהויבן דעם קאפ צום פארויסוועג ארוף.

ביי דעם געשפאנט־שווייגנדיקן גאנג זייערן שטארקט זיך דער שארך פון זייערע פיס אן דעם שטייניקן וועג. א לאנגווײַלע נאענטקייט א געשפאנטע נעמט זיך מיט־אמאל צווישן זיי ביידן, א שווייגנדיקער געמיינזאמער באוועג צו ריידעוודיקייט, געשטארקט און גערופן פונעם גערייד און געטומל פון זייערע אהינטער־גייענדיקע.

טוט זי ווידער א ווענד איר פנים צו אים און ווידער פון אויבן אראפ, און זי פרעגט:

— ווער ביסטו? וואס ביסטו?

— א זוכער פון פערל בין איך. — ענטפערט ער שטיל און געמאסטן. — פאלקישע פערל איך זוך און איך זאמל. שווארצע פערל און ווייסע.

— פערל? דו זוכסט פערל? — פרעגט זי אים שמייכלענדיק־איראניש.

— יא, פערל! ענטפערט ער רואיק און זיכער. — איך קום אין ארעמע פאלקישע הייזער אריין. דארטן נעמט אויף מיין הארץ און מיין קאפ יעדן קרעכץ, יעדן זיפץ, יעדן וויי, יעדע טרער, יעדן פארחלושטן רוף פון א מאמען און איר שטילן געוויין, יעדן צארן־

גערודער פון אן ארעמען טאטן איבער זיין ארעם געזינד. דאס זיינען די שווארץ־גליענדיקע פערל פון מיין הארעפאשנעם פאלק, וואס איך זוך זיי און זאמל צונויף. איך זוך און איך זאמל אויך ווייסע פאלקישע פערל. מיין הארץ איז אפן צום פאלקישן טרוים, צו דעם פאלקישן דראנג נאך א בעסערן לעבן, צו דער פאלקישער בענקשאפט נאך ליבשאפט פון ייד און צו ייד. איך זאמל דעם זילבערנעם גלעקל־געלעכטער פון ארעמען קינד, ווען עס איז צופעליק זאט און דעם גליקלעכן שמייכל פון דער ארעמער מאמען דערביי. איך זאמל די פרייד פון א טובה טאן יענעם ביי א נויט, ביים העלפן א מענטשן מיט הארציקע טרייסט איך זאמל די פאלקישע גרייטקייט צו שטעלן דעם לעבן פאר באעולטן מענטש און פאר גערודפטן פאלק, איך זאמל דעם פערל פון אייביקן גלויבן אין אייביקן יידישן פאלק, אין זיין מענטשלעכער ווערדע, אין זיין עקשנותדיק ווילן און שטרעבן צום לעבן, איך זאמל דעם גלויבן אין הארעפאשנער גערעכטיקייט.

— זאג מיר צווערשט, — שלאגט זי אים איבער זיין ווארט, — ווער איז דיין פאלק, וואס דו זאמלסט זיינע פערל צונויף?

— מיין הארעפאשנע פאלק נעמט צו זיך איין די אלע, וואס לעבן פון זייער אייגענער ערלעכער הארעוואניע און ניט פון פרעמדן שווייס. דאס זיינען

לוין־מענטשן, באַלמעלאָכעס, קיבוץ־לייט און מושב־לייט און קיינע אַנדערע ניט.

— און זאָג מיר: — פרעגט זי ווידער פאַרגאַפט.

— וואָס טוסטו מיט דעם געזאַמלטן פּערל?

— איך מאַך אים צו קרענץ, שוואַרצן פּערל באַזונדער און ווייסן באַזונדער.

— און דערנאָך? — פרעגט זי נייגעריק ווידער, ניט צעקלעמט אירע בליקן פון אים.

— דערנאָך קומט דאָס פאָלק מיטן שוואַרצן קראַנץ פּערל צום פּאַלאַץ פון הערשער און הענגט אים צום טויער, אַ וואָרענונג זאָל דאָס אים קומען, ביז עס ברעכט ניט אויס דער פאָלקישער צאָרן.

— און דעם ווייסן קראַנץ פּערל ווו טוסטו אַהין?

— אים הענג איך צו די טויערן פון דער אָרעמער פאַרשטאָט, ווו עס זאַמלט זיך דאָס האָרעפּאַשנע פאָלק נאָך זיין מיד־שווערן טאָג האָרעוואַניע. ביי דעם ווייסן פּערל־קראַנץ צעהײלכן זיך לידער פון אַרבעט און נויט, פון מענטשלעכער ווערדע, פון מוט און פון פרייד, פון ליבשאַפט צו ברידער צו גלייכע.

הערט זי אים אויס, און עס ענטפערן אים מערנישט אירע ברעמען. קוקט ער אין אויסדויער שווערן צו איר און רופט:

— קום מיט מיר! לאָמיר גיין זאַלבעגאַנד און איינ־איינעם צום פאָלק און מיטן פאָלק און מיט זיין וועג.

און ניט בלאנדזשען װעלן מיר, װײַל דאָס פֿאָלק בלאָנדזשעט קײנמאָל ניט. עס בלאָנדזשעט דער מענטש, װאָס האָט געװאָרפֿן זײַן פֿאָלק און אַװעק צו דער פֿרעמד.

— װוּ איז דײַן הײם, דײַן רו־פּלאַץ, דו זוכער און זאַמלער פֿון פֿאָלקישן פּערל, פֿון טרוים און פֿון שװעבן איבער דעם ערדישן רוים?

— אין אָרעמער פֿאָרשטאָט, אין געסל אין שמאָלן, אויף דעם העכסטן גאָרן פֿונעם העכסטן הויז, אין זײַן בוידעם־שטיבל דאָרטן איז מײַן רו און מײַן איבער־ערדישער טרוים.

אויף די באַרג־שפּיצן, װען אַרוף איז מען, איז זי פֿאַרשװוּנדן געװאָרן אין געמיש און געטומל פֿון יונגע, ניט באַװיזן, ניט געװאָלט אָנרופֿן איר נאָמען פֿאַר אים און פֿרעגן זײַן נאָמען. און ער האָט איר נאָך און נאָך דערצײלן געװאָלט פֿון זיך, אַז מער פֿון אַלעם אויף דער װעלט האָט ער ליב שול־קינדער, װאָס זײער לערער ער איז אין דער שול, און זעלנער פֿון צה״ל, װאָס ער קומט אויף מילואים צו זײ אין אַרמײ. פֿאַר די קינדער אין שול ברענגט ער אַלע לימודים דורך זײער אײגענער אַרבעט און פּרוּװ און מיט די אײגענע הענט. די הפסקות פֿאַרברענגט ער אינאײנעם מיט זײ בײַ טאַנץ און געזאַנג און בײַ שפּילן. אָרעמע קינדער־לעך דאַרפֿן זײַן פֿרײלעך. און געדרינגלט מיט קינדער־

שער פרייד, מיט קינדערשע הערצער, וואס פארגעסן א ווײַלע אויף היימישער נויט, צעהעלט פון צעבליצטע קינדערשע אויגן, פארהילכט פון צעקלונגענעם קינדערשן זילבער־געלעכטער, צעהוליעט אין שפרונג און אין טאנץ, אין געדריי־קאראהאד, צאפלט זיין הארץ אים מיט אייביקער יונגשאפט, דא מיט די קינדער אינאיינעם.

און אנדער שטיק לעבן קומט צו אים צו ביי זיינע מילואים אין צהל. דא קומט ער צו דער צעפרילינגטער און צעבליטער יידישער יוגנט. און דא ווידער די וואונדער־טיפע, בלענדנדיקע בלויע און שווארצע און גרוי־צעשטראלטע אויגן, מונטערע, דרייסטע, פול־באדאכטע און פולקלוגשאפטלעכע, פעסט־אנטשלאסענע, אלע — קינדער פון יידישן פאלק, דער כבוד און ליב־שאפט, דער איינציקער אנשפאר פון יידישן פאלק זיינען זיי. וואס וואלט געווען מיטן יידישן פאלק, ווען ניט זיי. ער שעמט זיך צו טראכטן אפילו פון דעם, נאר עס גלוסט זיך אים אפטמאל אנכאפן איינעם א יינגל אין גרינעם אזא און פאטערלעך אים דריקן צום הארצן און אנקושן אים. סאנטימענטן עס זיינען, וואס באהערשן אים אפט.

*

לעצטנס, אוונטווייז, ווען ער פאלט אריין א מידער אין זיין בוידעם־שטיבל צו זיך, שטייען פאר זיינע אויגן אנדערע אויגן, יענע, דער מיידלס פון דעם

בארג־ארופיקן קלעטער מיט דער גרופע פוסגייער אינאיינעם. יענע אויגן האלטן אים איצט מיט זייערע שטרענגלעך־הארציקע בליקן. זיי פאנגען אים אין זייער ברייט־צעעפנטן אפגרונט אריין און צערטלען אים הארציק און רופן אים שטרענג־מאנענדיק אין ערגעץ אוועק, אין דער ווייטקייט אריין. עס בלענדט אים די רייץ פון איר שלאנק־געבויטן, פול־צעבליטן מיידלשן גוף, איר דערהויבענער קאפ מיטן שארפן קער און ווענד אין דער זייט, ווען זי דארף באפוילעריש קומען מיט ווארט. אדער ביים שפאנען פארויס, און א פירער און לייטער צו זיין. זיין הארץ ציט אים צו איר. אין זיינע פינף און צוואנציק יאר טרעפט ער זי די ערשטע אזא, די בת מלכה זיינע צו זיין. מיט אים צו גיין זאלבענאנד און אינאיינעם ביז זייער לעבן.

דער אוונט שוועבט צו אים אין זיין בוידעם־שטיבל אריין. דורך דעם דאך־פענצטערל ציט ער זיך אריין מיט די לעצטע ווארעמע געזעגענונגס־שטראלן פון דער זון. די שטראלן באקופערן די שויבן און באווארע־מען די נידעריקע ווענט פונעם בוידעם־שטיבל מיט א הארציקער שיין. א טרויעריק בענקשאפט בלייבט הענגען אין מיטן דעם שטיבל. און שוין זיך געזעגנט הארציק און ווארעם, לעשט אויס די זון און נעמט אוועק פונעם שטיבל אירע הארציק־קופערנע שטראלן. טונקלט אין שטיבל. דורך דעם דאך־פענצטערל שמוגלט

אריין א ציטעריק שטערנדל, און די לבנה צעלייגט זיך
איבערן טישל און באזילבערט זיין קאפ, וואס איז
צוגעפאלן צו די עלנבויגנס. קומט צו אים דעמאלט
די עלנט, וואס בייטאג אנטלויפט זי פון אים. ניט
געמאלט האט ער זיך ביז אהער, ווי אזוי וועט אויפגיין
צו אים זיין טרוים, ווי אזוי וועט איר אויסזעען זיין.
געוואלט האט ער מערנישט, זי זאל א הארציקע זיין,
און גרייט זאל זי זיין געטריי און באגלויבט ביזן לעבן
צו גיין אין זיין פאלקישן וועג מיט אים און אינאיינעם,
און ליידן און נויט נעמען פאר ווויל און מיט ליב
און מיט ליבשאפט צו טראגן.

און די, וואס ער האט געטראפן? איז צוערשט: צי
איז ער אזא איר געטרוימטער? און, מעגלעך, זי האט
שוין פונלאנג איר געטרוימען געפונען. און צי וועט ער
זי טרעפן ווען? און אפשר מערנישט ווי צו זיין טרוים
וועט זי אים בלייבן ביי זיין לעבנסוועג, און טרעפן
וועט ער זי מערנישט אין הארצן אין זיינעם? דארטן
פארבארגן פון אלעם, פון אלץ?

ער ציטערט אויף מיטאמאל. געדוכט האט זיך אים?
ערגעץ קלאפט מען אין א טיר. צו אים זאל עס זיין
אזוי שפעטלעך?

ער שטעלט זיך אויף, מאכט שיין, גייט אומרואיק צו
צו דער טיר און צעעפנט זי פאמעלעך. ביי דער שוועל
בלייבט ער דערשטוינט.

— די, וואס דו האסט זי גערופן מיטגיין צום פאלק !

— רופט זי זיך אן. — ניט געריכט האסטו זיך אויף מיין קומען צו דיר ?

שווייגנדיק טרעט ער פאר איר אפ דעם וועג אין בוידעם־שטיבל אריין. דאס הארץ קלעמט אים פאר פרייד.

— דו האסט געווארט אויף מיין קומען צו דיר ? — פרעגט זי אים שטיל־הארציק. — זעען מיך האסטו געוואלט ?

מאדנע הארציק איז איר שטים היינט. עס קומט ניט שטרענגלעך, ווי דאס ערשטע מאָל ביי איר.

— איך האב געטרוימט פון דיר. — ענטפערט ער שטיל.

— ביים זוכן און זאמלען פאלקישן פערל ? — פרעגט זי מיט א רייצנדיק שמייכל.

— יא, ביים גיין מיינעם צום פאלק און מיטן פאלק. זאלבענאנד מיט דיר האב איך געטרוימט צו גיין דעם טרוים־וועג און זאמלען פאלקישן פערל.

זי באקוקט דאס שטיבל און קנייטשט מיט די ברעמען. און געלאנגווייליקט אין א שטילשווייגן, זאגט זי הארציק צו אים :

— איך בין געקומען דיך זעען, דערקענען דיך, דערפילן צי קענסטו מיך פירן דעם וועג צו אנדערע

מענטשלעכע בערגיקע הויכן ארוף, אויסער דעם פאלקישן וועג.

— וואס זיינען דיינע, די מענטשלעכע הויכן ? — פרעגט ער זי שטיל.

אלמענטשלעכע זיינען זיי, די הויכן, ניט געקלעמט פון איין פאלק, ניט באגרענעצט מיט לאנד, ניט געהאמעוועט פון שפראך. דאס איז דאס לעבן אליין, דאס שענסטע און גליקלעכסטע אין אים דאס זיינען די העכסטע ליידנשאפטלעכסטע ליבע־געפילן, באגלייט מיט מוזיק פון וואלדיקן שטורעם־געוויטער, צעבליצט אין דער פינצטערער נאכט ביז צום פרימארגן אריין, ביז די זון וועט באגריסן מיט צערטלעכן שיין.

— גייסט אוועק אין דער פרעמד, פון דיין פאלק, פון דיין לאנד ?

— אומעטום איז מיין אייגנס און אלע. מיין היימלאנד איז דארט, ווו מיין ליבע איז געשלאסן.

— צוליב ליבע ווארפן דאס פאלק ? צוליב אן אויפגעברויזטער שעה אוועקווארפן די נשמה ?

א לאנגווייל א שווער־שווייגנדיקער פאלט צו זיי ביידן אראפ.

— דיין וועג אויף צוריק וועט ניט גיין בארג־ארוף צו די פאלקישע הויכן. — רופט ער צו איר. — בארג־

אראפ וועסטו גיין צו דעם פאלקישן נידער אראפ. דאס פאלק האט ניט ליב קיין אנטלויפער.

— און דו וועסט מיך אויך ניט ליב האבן, ווען איך קום צו דיר ביי מיין בארג־אראפ? — פרעגט זי איראניש־צעשמייכלט.

— איך בין איינס מיט מיין פאלק. איין גוף און איין נשמה.

זי פאלט אים אויפן האלדז און קושט אים הייס.

— איך וויל, אז מיין קוש זאל דיך אייביק בריען!

— זאגט זי צערודערט און פארלאזט דעם בוידעם־שטיבל.

פאלקישע טעג און איינזאמע נעכט גייען אפ פונעם בוידעם־שטיבל. שוין עטלעכע מאָל, אז עס פאלן די הארבסטיקע בלעטער פון די ביימער אראפ אקעגן דעם דאך־פענצטערל פונעם בוידעם־שטיבל. און אין איינזאם גייט אים נאך אין זיין הארצן דער ווייטיק פון אנווער, דאס נאגן נאך פארגאנגענעם בחורישן טרוים. פאלט דער אומעט אראפ צו די בליקן. קלעטערן געדאנקען אין קאפ: דאס פערזענלעכע מייניקע און דאס פאלקישע, זיי גרענעצן זיך צווישנאנאנד אדער ניט? און זיי דארפן הויזן צווישנאנאנד אדער ניט? א שווארצער פערל אין זיין הארצן, א מעשה מיט א בת מלכה, וואס האט געזוכט איר פרינץ און פאר־

מיאוסט דעם פאסטעך דעם טרוימער. וואס גייט אן דעם פאלק א בת מלכה־? דאס פאלק ווייסט פון זיינע אייגענע באשיידענע מידלעך הארעפאשניצעס, הארציקע און געטרייע ביזן לעבן און גרייטע אויף ליידן און נויט, אן צעבליצטע געפילן, אן צעגלוסטענע נעכט. און ווען ניט זיין בחורישער טרוים...

איינמאל, ווען די הארבסטיקע זון האט אינאוונט זיך שוין צעזעגנט מיט דעם בוידעם־שטיבל און הארציק געווונטשן זיינע הארציקע מענטשן א זיסן שלאף נאך דעם שווערן טאג הארעוואניע, קלאפט עמעץ אין טיר פונעם שטיבל, שטיל און פאמעלעך. ער עפנט, ניט געפרעגט ווער עס איז אזוי שפעט, און קוקט און דערקענט קוים: די אמאליקע בת מלכה זיינע שטייט פאר אים, די געטרוימטע זיינע. זי טרעט אריבער די שוועל. שווייגנדיק טרעט ער פאר איר אפ דעם וועג אין שטיבל אריין און בלייבט שטיין געפלעפט און געפאלן די הענט אראפ. עס מישט זיך אים דער קאפ, די ברעמען פאלן. ער הייבט קוים די לעפלעך און זעט: אפגעצערט־בלאס איז איר געזיכט, די ביינער עס שטעקן ארויס, צעשראקן־פרעגנדיק קוקן צו אים אירע גרויסע, נאך גרעסער געווארענע אויגן, און בעטנדיק־דערווארטנדיק זיינען אירע בליקן צו אים, אויסגעמאטערטע, פארבענקטע, פארטרויערטע.

זיין הארץ האט אים צענומען, אנקוקנדיק זי. עס

האט אין אים א הייב אויף געטאן מיטאמאל דער נאך אלץ ניט פארגאנגענער ווייטיק און פארדראס פאר דעם ניט אויפגעקומענעם בחורישן טרוים זיינעם, פאר זיין פארשוועכטער יוגנט.

שווער אפגעאטעמט, צעטומלט, גלייך ווי פאראור־טיילט, רופט זי צו אים:

— געקומען צו דיר... גיין מיט דיר... טרוימען מיט דיר... ליידן מיט דיר און זוכן און זאמלען אינאיינעם מיט דיר דעם פאלקישן פערל. אלע דארטן זיינען מיר פרעמדע געווען, און איך בין זיי פרעמד געווען. קאלט איז מיין הארץ געווען, ניט דערווארעמט פון קיינעם.

— פון קיינעם? — שלאגט ער זי איבער מיט פאר־חידושטן פרעגן.

— פון קיינעם ניט! — ענטפערט זי טרויעריק באנומען זיין פרעגן. — נאר מיט דיר וויל איך ליידן מיט דיר אינאיינעם און אויסקויפן זיך מיין שולד קעגן דיר. מיט דיר וויל איך זיין ביז מיין לעבן. דיינע אויף אייביק.

שווער ווי א שטיין איז דאס שווייגן. אומבאהאלפן דאס הארץ, און דער קאפ איז צערודערט פון אנגסט און פון טרויער.

— דיין צעפרילינגטע יוגנט צעבליטע און מיין ליכטיקן טרוים וועגן דיר האסטו א קרבן געבראכט

צו דיין צעברויזטן ליבע־געוויטער, און איצט האסטו געבראכט צו מיר דיין אויסגעלאשן, אויסגעליידיקט הארץ, איך זאל אים אנקוועלן מיט יוגנט־זאפט און מיט ליבע און אליין קוויקן זיך מיט פארגאנגענער יוגנט. אויך דאס פאלק האסטו א קרבן געבראכט צו דיין ליבע־געוויטער. און איך, דער פראסטער פאלקס־מענטש, דער פאלקס־לערער, גיי ארום נאך ביז היינטיקן טאג מיט מיין יוגנטלעכן ליבע־טרוים, און מיין ליבשאפט ברענג איך פאר צווייען: פאר מיין פאלק און פאר מיין געזינד.

ער עפנט פאמעלעך א טיר אין א צווייטן צימער.

— קוק אריין. — זאגט ער צו איר. — אט שלאפן מיינע צוויי קליינינקע ווייסע פערל, מיין זונעלע און מיין טאכטערל, און אט שלאפט מיין גרויסער פערל דער ווייסער, מיין פרוי, די חברטע מיינע, מיין געטרייע מיטגייערין און מיטליידערין אין אונדזער לעבנס־וועג, א וועבערין איז זי, א פאלקס־מענטש באגלייך מיט מיר.

אין דער פארגליוועטער שטילקייט ברעכט אויס א קרעכץ פון איר הארץ. זי טרעט קוים צו דער טיר און אריבער די שוועל.

א וויי־געוויין האט אויפגעפלאצט אויף די טרעפלעך.

## אינהאלט: